Bimko, Felix.
Oyf'n breg vaysel.
Varshe, 1921.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1889.14

**Bimko, Felix, 1890-**
Oyf'n breg vaysel.
Varshe : Farlag "Di Tsayt", 1921.
123, [5] p. : 20 cm.
~~[illegible] p. : 16 cm. Shul bibliotek.~~

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Poland-Warsaw

ID : NXYH01-B15322 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /40367

Reduction ratio X 10.0

פ. בימקא.

# אויפ'ן ברעג ווייסעל

דראמע אין 3 אקטען.



פארלאג
ווארשע די צייט 1921

פ. בימקאָ.

# אויפ׳ן ברעג ווייסעל

דראַמע אין 3 אַקטען.




וואַרשע 1921.

אויף אמעריקע ביי: M. Ceshynski

אויף ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, סקאַנדינאַוויען און אַנדערע מלוכות ביי
Jehude Schaiak, Copenhagen, Frederiksberg Alle 28.

הענגען איבערזעצען, און אַלע אַנדערע ענינים: שפּילען דורך חברות, פאַראיינען,
אַנצופרעגען זיך ביים מחבר, אויפ'ן אַדרעס פון פאַרלאַג:
„די צייט".

דרוקערײ
ברידער וואַיציקיעוויטש
וואַרשאַ, נאַלעווקער קראָמען,

# פערזאנען:

גבריאל — אַ יוד פון אַ מאה. געוועזן פריץ פון הויף.

שרה'לע — זיין אייניקעל, אַ יתומה.

ד' הענעך — זיין זוהן. אַ יאָהר זעכציג. פריץ.

קלאַראַ — הענעכ'ס צווייטע פרוי. דרייסיג יאָר.

ברוך, איגנאַש, יאַנוש, מאַניע — קינדער פון ערשטען ווייב.

אַלעק — אַ יונגעלע

גיטעלע — ברוכ'ס ווייב.

בראָנקע — אַ טאָכטער פון אַ שכנישען פריץ.

פאַכטער

פאַכטערקע

ווישקראַביק — זייער שטוב באַשעפעניש.

פויערים. פויערטעס.

צייט: 1913

אָרט: פוילען.

# ערשטער אַקט

רעכטס: אנ'אלט, גרוי-פאַרביג פויליש הויז; האלב-קרעטשמע, האלב-הויף, מיט אַ באַזונדער ספּעציפיש אלט-פּוילישען חן; גרוי די ווענט, מיט שימעל און שוואמען באַדעקט.

אַ קליין ביסעל ארונטער — שייערס, שטאַלען, אַ שטיקעל פּלויט, אַ בודקע פאַר אַ הונט, אַזוי כסדר, — דער המשך פון הויף. לינקס: אַ וואַלד. אָפּגעהאַקטע ביימער. פּיעניעס. אין הינטערגרונט — אַ באַרגעל מיט אַ שוואַרצען אייזערנעם צלם. צופיסענס — אַ רינטשקעלע. אווענט'ס. די זון זעצט זיך.

אין הויף הערט זיך ס' ...דר'דיגע שפּילען פון פוילישע מאַזורקעס.

### יאַנוש

מיט אַ בלייך מיידעלש ..., אַנגעצכון אין אַ שוואַרצע בלוזע, זיצט אויף אַ פּיען, מאַלע שטאַרק איבערגענומען.

### אָלעק

אַ מאַגער יונגעלע, קאַפּריזנע, רײַסט די קייט פון דער בודע.

**נעראָן, קום אויף האָזען!**

ס'הערט זיך אַ בילען פון אַ הונט, ער אַנט-לויפֿט שפּעטער אין וואַלד.

**שרה'לע**

קומט פון וואַלד, אַ דראָבנע מיידעל

יאַנוש, יאַנוש, וואָס מאָלסטו ?..

**יאַנוש**

ש-ש-ש... שטילער, שרה'לע... די פאַרבען גייען אויס...

**שרה'לע**

מיט דער זון, יאַנוש ?..

**יאַנוש**

יאָ... ס'באַרגעל בלענט נאָך... אָ... די זון גייט ערשט אַראָפּ דער-פון... מיט'ן צלם זיך געקושט... און שווייגענדיגער געוואָרען... זיין סוד מיטגענומען...

**שרה'לע**

אָ... און די רויטקייט העכער... אַרויפצוציהער... איבער די ביימער... אַך, די שפּיצענביימער זענען פון געלען גאָלד !..

**יאַנוש**

אַ... ס'לעשט זיך אָבער מיט'ן קוק... און ס'ווערט אַלץ מער גרויער... מער גרויער...

**שרה'לע**

מנחה-צייט... ס'בלישטשעט שוין דער טוי... קינדערש-צאַרט כ'האָב ליב אַראָפּצוּוואַרפען די שיך, און אַרויסלויפען באָרוויס אויפ'ן טוי, טרעטען אויף אים...

**יאַנוש**

קוק: די זון קומט אונטערן וואַלד אַרונטער, לייכט אים אַדורך, און ס'ווערט העל צווישען די ביימער... זעה: די העלקייט צווי-שען די ביימער !.. ס'אַראַ העלקייט ?..

**שרה'לע**

און ס'וואַסערל איז פּיאָלעט...



**יאַנוש**

קוועלט נאָר פון די זשאַבעס...

**שרה'לע**

ס'פעלט נאָר אַנ'אַלטע פויערטע זאָל דאָ ערגיץ זיצען, און וואַ-שען גרעט...

**יאַנוש**

און אַ באַבע אויך... זי וואַשט, אָ... איר זוהנ'ס רויט העמדעל, וואָס ער האָט אויסגעטון ביינאַכט...

**שרה'לע**

אַ שאָד: די קלעפּ ווילען זיך נישט אַרויסהערען דאָ, פון בילד, וואָס ס'וואַסערל האָט געהערט...

**יאַנוש**

אָבער די רויטקייט זעהט זיך, אָ, וואָס ער האָט מיט זיין בלוט די ערד באַפאַרבט; ביינאַכט אין וואַלד, פאַר פּוילענ'ס גאָב...

**שרה'לע**

יאַנוש, און אַ-שוואַרצע ראָב ?.. ס'פעלט אַ שוואַרצע ראָב ?

**יאַנוש**

אַרויפצוציהער אַ ביסעל, וואו ס'ווערט נאַכט; די ראָב איז — נאַכט...

**שרה'לע**

און אַ קאָסע, יאַנוש, אַ קאָסע ?..

**יאַנוש**

איז ס'בליצען פון דער נאַכט... דער בלאַסק... דער גלאַנץ פון דער קאָסע ליגט אויף אַלעם אויסגעגאָסען... ווי פון חלפים !..

**שרה'לע**

די פּוילישע קאָסע.

**יאַנוש**

איז געווען געשליפען ווי אַ בריליאַנט ; און אויסגעריבען זיך.. פאַראָסט שוין... מיט זשאַווער...

**שרה׳לע**

אַ שאָד : מ׳וועט נישט פיהלען דעם ריח פון בלוט, וואָס האָט אַראָפגעטריפט...

**יאַנוש**

די לופט, אָ, איז די געלקייט... שוועבעל... ברודיגער שוועבעל-רויך...

**שרה׳לע**

אַ—אַ—כ׳האָב געמיינט : ס׳איז די דעמערונג פון וואַלד !.. דער וואַרימער נעפּעל פון צווישען די ביימער...

**יאַנוש**

איז אַראָפּצוציהער... אָ... אָ... דער נעפּעל איז געמיינט : די תפלה פון בין-השמשות... די טיפע הייליגקייט, וואָס ציטערט-אויף ביי איטליכען גרעזעלע...

**שרה׳לע**

יאָ... אַ שאָד נאָר : ס׳געבעט וועט נישט געהערט ווערען, און נישט ס׳געזאַנג...

**יאַנוש**

יאָ : אָבער מ׳פיהלט זי... עטליכע שאַרפע פלעקען... צעשוואו-מענע גופים... ס׳זאָלען פויערים ליגען אויף די פעלדער... די פּנים׳ער אויף דר׳ערד ... אַ תפלה בלחש ... אָהן ווער-טער...

**שרה׳לע**

אַ ניגון... אַ בלייכע מעלאָדיע... אַ שאָד נאָר : ס׳הערען זיך נישט די גלאָקען אויפ׳ן דאָרף...



**יאַנוש**

אוין... אויך... אויפ׳ן ברעג פון וואַסער׳ל... קוק : די גראָזען עטוואָס איינגעבויגען, זיי זאָלען זיין געגלעט פון קלינגען !.. און די בלעטלעך ציטערן אויף די ביימער... אָ... אַ ציטער צווישען די בלעטלעך... אַנ׳אומרוה... ס׳שפירט זיך ס׳קלינ-גען ...

**שרה׳לע**

די לעצטע מלחמה... פויזע פוילען׳ס שיף איז אונטערגעגאַנגען... ס׳האַרץ האָט אויפגעהערט צו קלאַפּען...

**יאַנוש**

נעמט זיך מאָלען אויפסניי

ש-ש-ש... די זון קומט מיר אַוועק... כ׳האָב נויטיג ס׳שטיקעל זון.

**גבריאל**

שטעקט ארויס זיין גרייז-גרויען קאָפּ אין דאַך-פענסטערל

אָ — האָ ! שר—ה׳לע !..

**שרה׳לע**

אָ—האָ !.. זיי—דע — לו !..

**גבריאל**

באהאלט נ׳קאָפּ צוריק אונטער׳ן פענסטער

**שרה׳לע**

ער שפירט אַזוי די צייט, דער זיידע, פון מנחה דאַווענען...

**יאַנוש**

אין מאָלען

יאָ...

**שרה׳לע**

נאָך א ווײַלע

ס׳קען נאָך זיין אַ מענש גרויער ?..

יאַנוש

טאַקי ווייס, ווי ס׳בליהונג אויף די ביימער...

שרה׳לע

ווי ליב כ׳האָב די באָרד זיינע, יאַנוש, און מורא פאַר די אויגען...

יאַנוש

אים אויסגערונען!.. ער מאַכט די ברעמען אויף — טיפע לעכער פינסטערע, ווי פוילען׳ס מזל אין דער וועלט !..

שרה׳לע

און פוילענס ליכטיגער שטערן איז דאָרט אין זיי פאַרלאָשען געוואָרען...

יאַנוש

*הערט אויף מאָלען*

אַ סך געקלערט דאַריבער,
איבער די שוואַרצע גרובער,
און וואָס מער געקלערט —
זיך וועניגער ראיות געמערט!..

שרה׳לע

אין זיין יונג האַרץ
איז דער אויגען-קוואַל
טיף און שוואַרץ —
ווי אַ גרעלער שטראַל,
אויף פוילען׳ס טיפע ענטער...

יאַנוש

קעלטער
אין גוף, פון דרויסען;
און עפּעס ווי אויסגעגאָסען
אין אַ פאָרם:
הויך, ברייט,



אַ קליין ביסעל צעשטרייט.—
קוקען לעכער שוואַרצע צוויי,
ווי אַ טיף אימה׳דיג געשריי
אין שטורעם —
צו דער וועלט!..

שרה׳לע

ער קוועלט נאָך,
ווי אַ קינד
אויף יעדער גוטער בשורה,
אַז פוילען׳ס שטאַרקע מאַכט,
איז נישט אויף תמיד צו קבורה
געוואָרען געבראַכט...

מאַניע

*פון הויף*

טאַטעלו!.. קומט אפּער טאַטעלו?..

שרה׳לע

אין שטוב, דיין טאַטעלו.

מאַניע

שוין געזוכט אין שטוב.

יאַנוש

אין דער לעצטער זיך פאַרמאַכט...

מאַניע

נישט געזעהען שוין פון האַלבען טאָג-אָן... לויפט אין שטוב, רופענדיג פון דאָרט טאַטעלו?..

שרה׳לע

צעטראָגען שטאַרק... האָט צרות פון הויף... און פון ברוכ׳ל... געקומען ברוך, אַ?..

**יאַנוש**

שלאָפט אין דרינען... אַודאי מיד פון וועג...

**שרה'לע**

כ'האָב פאַרגעסען: דער זיידע וואַרט דאָרט אויבען, כ'זאָל צ־ש
כירען מנחה דאַווענען!.. אָ—האָ!.. ויידעלו!.. אָפ אין הויי

**מאַניע**

ברענגט ארויס הענעכ'ן

טאַטעלו, פאַר וועמען זיך באַהאַלטען, טאַטעלו?..

**ר' הענעך**

א דיקער יוד. א שעהנער מענש. די באָרד—אש-גרויליך, דאָרפיש-פריציש ז בגע־ון

פאַר זיך, טאָכטערלעך; כ'זוך די לעצטע צייט אַנ'אָרט, ו א
כ'זאָל זיך פאַר מיר אַליין קענען באַהאַלטען...

**יאַנוש**

ס'איז שווער אַזאַ אָרט אויסצוגעפונען!..

**מאַניע**

פאַרוואָס, טאַטעלו, איז שטעהן געבליבען די מיל אַטע-
לו?..

**יאַנוש**

טאַקי אויך געוואָלט פרעגען.

**ר' הענעך**

אַ האַרבע שאַלה... מ'ברייך צוגעהן פרעגען ביים דאָרף. פאר זיך
איז ס'דאָרף שטום און רעט נישט... נו?

**יאַנוש**

מ'האָט אָפגעלאָזט ס'וואַסער, און דער „זאַסטאַוו" איז אויפגע-
הויבען...

**ר' הענעך**

און די זעק מיט תבואה באַוועגען זיך... די מיל איז פאַר-



לעגט... מ'קען אַטריט נישט אַדורכגעהן... און ס'וואַסער אָפגע-
לאָזט ווי אין מיטען ווינטער... אין מיטען ווינטער...

**יאַנוש**

ס'איז עפיס אַ ברוגז אַרויסגעקומען?..

**ר' הענעך**

ברוגז... לעג זיך אונטער, ווי אַ נבלע — און מ'טרעט אויף דיר,
כ'לאָז טרעטען... און ס'איז אויך קיין פעולה נישט... ניין...

**מאַניע**

ווער טרעט טאַטעלו, ווער טרעט?..

**ר' הענעך**

קושט איר אין קעפעל

צו שווערע דאגות פאַר אַ יונג קעפעלע... צו שווערע דאַגות...
ווי לאַנג ס'איז זומער... זומער-פייגעלעך פליהען... פליה... קינ-
דעלע, זיי דו אויך אַ זומער-פייגעלע...

**יאַנוש**

ס'דריקט עפיס... יאָ... כ'שפיר: ס'דאָרף איז נישט מיט אַלע-
מען!..

**ר' הענעך**

אַ חולאת... אוב-הם... עך!.. אַ צרעת! אַ שווער צרעת... אין מי-
טען העלען טאָג לאָזט דער מילנער אָפ ס'וואַסער... און... הלך
לעולמו!.. נישט מיין מענש מער...

**מאַניע**

פאַרוואָס, טאַטעלו?.. פאַרוואָס?

**יאַנוש**

אפשר, אַנ'עולה געטון?..

**ר' הענעך**

יאָ... אַ סך עולות געטון מענשען, אייער טאַטע!.. בפרט אויפ'ן

הויף... די שפייכלער תמיד אָפֿן... און ס׳גערהט קיינער נישט אַרויס מיט אַ לײדיגע האַנט... כל דכּפין—נעמט זיך אָן; ווער אַ זעקעל מעהרען... אַ ביסעל קרויט.,. בוראַקעס... אַ ביסעל שפייז... קיינעם נישט אַרויסגענומען פון דער האַנט נאָך... חלילה, אָדער, אַ שלעכט וואָרט צוגעטיילט...

אַ נ ו ש

פאַר גוטסקייט טאַקי...

ר׳ ה ע נ ע ך

כ׳קען נישט אַנדערש; ס׳רחבות אויפ׳ן הויף, כמעט ווי אַ מסורה פון זיידען עלו-השלום... אַ ירושה אַזאַ: אַ ברייטע האַנט... מאַלע... אפשר אַ שלעכטע ירושה? מ׳ברויך טאַקי זיין איינגעהאַלטען... האָבען צוגעמאַכט די האַנט... אַ פויסט... מילא... איז טאַקי נישט גוט: מ׳ברויך האָבען אַ פויסט, און מ׳קען איר נישט מאַכען?.. די האַנט איז ליידיג, און פאַרמאַכט זיך נישט?

יאַ נ ו ש

ס׳איז שוין אַלע מאָל אַזוי: מ׳באַצאָלט פאַר גוט׳ס מיט שלעכטס... מיט שטיינער...

ר׳ ה ע נ ע ך

און שווערע שטיינער... און פאַלען אַראָפּ מיט אַזאַ אימפעט... מ׳מוז נאָר שטעהן, און קוקען: וואו זיי פאַלען?.. און זיך דרעהען, בייגען, זעהען אויסמיידען זיי... אָדער... ס׳וועט נישט מיידען... אַ שטיין וועט טרעפען... און לעכערן... און צעבלוטען... אויפהאַקען נ׳קאָפּ... מ׳קען אייביג שטערען אין מלחמה?.. פויזע. אַ מלחמה זיך אָנגעהויבען—אַ שווערע... געשיקט איגנאַש׳ן איבער׳ן דאָרף אויפשטעלען מענשען צום היי, און אים באַפאַלען.. מיך וואָלטען זיי אפשר געוועז צעריסען...

יאַ נ ו ש

דער טאַטע וועט דאָך נישט געהן...



ר׳ ה ע נ ע ך

און איגנאַש׳ן?.. אַ מראכה: איגנאַש איז אַ לייב... אויפגעשטאַנען אויף אַ לייב... ענדערט און קוים א׳יפ׳ן דריטען וויאָרסט באַקומען העגט...

יאַ נ ו ש

נישט אומעטום, נאָך...

ר׳ ה ע נ ע ך

אַ טובה געטון... גוט צו לעבען אויף יענעמ׳ס חסד...

מ אַ נ י ע

טאַטעלו, וואָס ווילען זיי?.. טאַטעלו!..

ר׳ ה ע נ ע ך

קושט איר אין קעפּעל

ווילען אַ סך... איבער די כחות...

יאַ נ ו ש

האָבען אַ טענה עפּיס?..

ר׳ ה ע נ ע ך

אַ וואַזשנע טענה... יאָ... כ׳בין אַ גר... נו?.. באַשר בכן, אַ יודישער הויף?.. כע-כע!.. ווען זיי זענען נאָך קליינע ציציקלעך געווען, די אייגענע פויערים, און ווי די ציגען אַרומגעשפרונגען אין די העמדלעך,—איז שוין דער הויף אַזעלכער געווען... און דער זיידע—אַ תּישם... יאָ...

יאַ נ ו ש

כ׳געדענק: די אייגענע פויערים—ס׳האָט אַזוי פיל דרך-ארץ געהאַט!..

מ אַ נ י ע

זון מיר בלימעלעך אין קאָרן אויפגעקליבען?

ר׳ ה ע נ ע ך

אַצינד פון אַ פריש יציאת מצרים האָבען צו דערצעהלען!..

נעם דעם הויף, ס׳פעלד, און דאָ, — געה אַרויכ, לך אל ארץ מלדתך !.. יאָ... און מנהיג ?.. וואו נעמט מען היינט אַ משה— וואָס זאָל פירען ?.. שעפסען זענען מיר אָהן אַ פאַסטוך, טאָ-טע... פאַר׳מרה׳שחורה׳ט

*מ׳זעהט: פויערים מיט די קאָסעס אויף די אַקסלען אָנקומען, און געהן גלײַך אין הינ-טערגרונט, אין הויף אריין*

**ר׳ העניך**

*נאָך אַ ווײַלע*

קומען שוין אַראָפּ פון פעלד נאָכ׳ן היי-שניט! מ׳ברויך זיי באַ-צאָלען שכר-יום—מ׳טאָר נישט אויפהאַלטען !.. *רופט אין שטוב אינ-*נאַש ! הו-ם... טרייבט זיך אַלץ אַרום אויף פאָלעוואַניע !.. ט׳געמיט טראָגט נאָך אַזוי אויס !.. יאָ... *געהט ארונטער אין הויף, רופט* מאַניע !.. קום מיט! *ביידע אָפּ*

**גבריאל**

*הערט ארויסגעפירט פון שרה׳לען. אַ זקן מיט אַ ווײַסע באָרד, ווײַסע ברעמען, פינסטע-רע אויגען-לעכער. רעט שווער*

שרה׳לע, איז שוין די זון טיף פאַרגאַנגען ?..

**שרה׳לע**

זעצט זיך ערשט אונטער׳ן באַרגעל !..

**גבריאל**

צייט מנחה דאַוונען...

**שרה׳לע**

א. שר, פאַר׳ן טיר זיידעלו ?..

**גבריאל**

ניין... אין וואַלד... קינד-לעב... און קעגען מזרח... וואו די נאַכט געהט פריער-איף... אַ נאַכט קוקט צו אַ נאַכט !..

**שרה׳לע**

גוט, זיידעלו !..



**גבריאל**

און נישט פאַרגעסען, קינד: מיך אַװעקשטעלען מיט׳ן פנים צו מזרח!.. כ׳בין בלינד, און כ׳האָב די נאַכט אין די אויגען... פוי-לען׳ס שוואַרצע נאַכט אין מיינע אויגען !..

**יאַנוש**

אין פוילען איז היינט טאָג, זיידע...

**גבריאל**

אַמאָל געווען; ווען כ׳האָב די אויגען געהאַט !.. און נאָכדעם פינסטער געוואָרען, און אים אויפגעהערט צו זעהען... בלינד גע-וואָרען !..

**שרה׳לע**

*ציטערט*

וואָס איז מיט די אויגען געווען, זיידעלו ?..

**גבריאל**

אָ—האָ !.. ס׳טליעט נאָך... אין דמיון... ווייט... ס׳האָט אַ ווינט געוויעהט !.. אַ וואַרימער ווינט... און מאָרגען האָט שוין גע-זאָלט טאָג ווערען אין פוילען !.. דאָ אין וואַלד זיך געקליבען, וואו איך געה מנחה דאַוונען לזכר !..

**יאַנוש**

אַנ׳אַנדער ווינט געווען... אַ פרילינג׳ס-ווינט...

**גבריאל**

האָבען די שלוחים פון מלך זיי געהיטען... און מיט שווערע כלי-זין חילות אויף זיי אָנגעשיקט... און נישט געקאָנט בייקו-מען זיי מער... נישט געקאָנט...

**יאַנוש**

און געפאַלען פון פוילען, די ווענט...

**גבריאל**

זיך צענומען... דער שונא אַריינגעקומען... ס׳חיל, ווי היישרי-

קען, באַוועצט... און די הויט פון לייב אַראָפּגעגעסען !..

**שרה'לע**

און די אויגען, זיידעלו, די אויגען ?

**גבריאל**

גע'פּטר'ט !.. און גלייכער : כ'זאָל נישט זעהען די חרפה !.. פּוי-לען'ס חרפה !.. די בעסטע קינדער אַוועקגעהן בשבי...

**יאַנוש**

און די יסורים נישט געפּיהלט, זיידע ?..

**גבריאל**

וואָס ד'אויגען זעהען נישט, איז ס'האַרץ פרעמד... כאָטש נישט ווערען רויט און פאַרעמט !..

**שרה'לע**

חי פריער

און די אויגען, זיידעלו ?.. די אויגען ?..

**גבריאל**

גלעט איר צאַרט איבער'ן קאָפּ

גלייכער: נישט וויסען... אויסגערונען מיט די טרערען... אַ חלום ?..
אַז כ'וועל שטאַרבען, און מ'וועט אָפּדעקען מיין לייב, וועט איר זעהען : בלויע פלעקען !.. זאָלט איר וויסען, אַז דאָס האָט מען דאָרט ביים וואַסערל ערבות אָפּגעריסען אין עסיג גע-וויקס... און פון די שמיץ איז ס'בלוט דאָרט פאַרקילט גע-וואָרען !..

**שרה'לע**

חי פריער

און די אויגען, זיידעלו, די אויגען ?..

**גבריאל**

שטאַרק מיד

פיר מיך דאַווענען מנחה !.. מיט'ן פּנים צו מזרח, נישט פאַרגע-



סען !.. אַ נאַכט זיך אָנקוקען מיט דער נאַלט !.. ווערט אָפּגעפירט

**איגנאַש**

אַ שטאַרקער, ברייט-אַנטוויקעלטער, מאַנספּערשוין. ס'פּנים אָפּגעבּרענט. פּויליש-כראַבּסקע אָנגעטון : רויטע שטיוועל, אַ ביקס, אַ לעדערנעם יאַגד-בײַטעל. פירט מיט אַ הונט אויף דער קייט

ס'איז שטילער אויפ'ן הויף, ווי אין וואַלד... דערשפּירט עפּיס אַ גע-רויש, כאַפּט אַראָפּ די ביקס, צילט, שיסט אויס אַוועקגעלעגט !..

**יאַנוש**

בייז

געקומען שיסען האָזען אונטער'ן פענסטער !..

**איגנאַש**

אַ צעקראָכען שטיק... נקבה!

**יאַנוש**

ברוך האָט זיך צוגעלעהנט אין שטוב ; נישט לאַנג געקומען...

**איגנאַש**

פאַרשוויצט. קומט צוריק מיט אַ געשאָסענעם האָז אין האַנט

ס'אַ כלי, ער האָט מיר שיער נישט די האַנט אָפּגעריסען !..

**יאַנוש**

נעמט זיך צוזאַמען די לײַווענט, די פאַרבען

דאָס פייער איז מיר אַדורכגעפלויגען פאַר די אויגען !..

**איגנאַש**

אָ,—האָ, כאַ-כאַ-כאַ !.. ס'פייער אים אָנגעבּרים...

**יאַנוש**

גלייבט זיך ארויס

האָט פולווער אין נאָז... אַפּ אין שטוב. קליינע פויזע. מ'הערט טרילערען פון פייגעל.

**בראָנקע**

קומט ארויס

אָפּגענאַרט ?..

**איגנאַש**

סאַקי געמיינט: דער סקאָווראָן שפּילט !..

**בראָנקע**

כאַ-כאַ, כ׳בין איינמאָל אַוועק מיט׳ן פּאָטער אין וואַלד, איך געווען אַזוי שטיל אין אים, אַז מ׳האָט געהערט ס׳פּאָכען פון די האָזען; האָב איך אָנגעהויבען שפּילען, און פון אַלע צווייגען אויף די ביימער—האָבען די סקאָווראָנעס, קוויטשאַרעס, כאַ-כאַ-כאַ !.. מיר צוגעהאַלטען !..

**איגנאַש**

און זיי אָפּגענאַרט... מיך אָפּגענאַרט... אַי, ביסטו אַ שעלמאַ... ווי קומסטו פלוצלינג אַהער ?.. אַזוי אומגעריכט ?..

**בראָנקע**

געהערט אַ שאָס, האָב איך געטראַכט: ווער קען דאָ שיסען האָ-זען, נישט איגנאַש ?..

**איגנאַש**

יאָ... איך בין אַ יחיד אויפ׳ן הויף, ביי אונז הרג׳עט זיי מער קיינער נישט; מיין פּאָטער זאָגט, ס׳איז גאָר נישט קיין יודי-שע מידה...

**בראָנקע**

דו ביסט אינגאַנצען אַנדערש ווי ביי אייך אויפ׳ן הויף...

**איגנאַש**

יאָ ?.. זיי האָבען נאָך גרויס צער, אַז מ׳הרג׳עט אַ-חיה. אַ לע-בעדיגע זאַך, און איך האָב פאַרגעניגען...

**בראָנקע**

ווייל, ס׳בלוט איז ביי דיר אַנ׳אַנדערס...

**איגנאַש**

כאַ-כאַ. מיין פּאָטער קען נישט זעהען: ס׳גיט זיך עמיץ אַ שניט



אין פינגער... און איך האָב ליב צו האַלטען אַזוי לאַנג דעם האָן אין דער האַנט, ווי לאַנג ס׳בלוט, וואָס טריפט מיר אי-בער דער האַנט פון אים,—איז נאָך וואַרים...

**בראָנקע**

אַ שווערער האָז... האָט נישט קיין מורא געהאַט אַרויסצוגעהן פאַרנאַכט ?..

**איגנאַש**

טרינקען וואַסער ביי דער רינטשקע...

**בראָנקע**

און געלאָזט אים טרינקען ?..

**איגנאַש**

עטליכע שלינק ...

**בראָנקע**

זומער-פאַנג... ס׳פעל געהט איט אויס...

**איגנאַש**

כ׳וועל מיר קיין פעלץ נישט מאַכען פון אים; און קיין פּאָר שטיוועל אויך נישט; אַוועקשענקען אים דעם אַלטען גאַיאָווע...

**בראָנקע**

אַ שאָד !.. איך וועל אים דיר אָנבראָטען; ס׳פליש איז זעהר זיס פון אים... און מיט ווייַן...

**איגנאַש**

כ׳עס נישט קיין האָזען-פלייש; ס׳זיסקייט פאַרקלעבט ס׳מויל; איך הרג׳ע זיי בלויז פאַר תענוג !..

**בראָנקע**

אינגאַנצען מיין פּאָטער; ער עסט זיי אויך נישט, און הרג׳עט זיי בלויז פאַר תענוג; ס׳וואָלט גיכער געפּאַסט זאָלסט זיין, ווין זוהן...

א י ג נ אַ ש

אָבער דו,—נישט מיין פאָטער׳ס טאָכטער?

ב ר אָ נ ק ע

כאַ-כאַ!.. מיין פאָטער זאָגט, איך בין דער גאַנצער זיידע...

א י ג נ אַ ש

אַזאַ יחוס געווען דער זיידע?..

ב ר אָ נ ק ע

באַ, האָט געריטען פון קראַקוי ביז וואַרשע אויפ׳ן פערד!..

א י ג נ אַ ש

איך האָב אַזאַ זיידען נישט געהאַט, און וועל זיך נישט פאַר-שעמען אין רייטען מיט אים...

ב ר אָ נ ק ע

איז טאַקי אַ וואונדערליכע זאַך, ביסט געראָטען אין אים?..

א י ג נ אַ ש

וואָס ווייסטו נישט, אַז מיין עלטער-באָבע האָט זיך אַודאי פאַרקוקט אויף דיין זיידען, האָט די באָבע שפּעטער אַזאַ בריך געהאַט?.. כאַ-כאַ!..

ב ר אָ נ ק ע

אָ, און ס׳וואָלט טאַקי קיינער נישט געגלויבט דו זאָלסט נישט זיין מיין משפחה!..

א י ג נ אַ ש

יאָ... מ׳קען זיך אַמאָל אָפּנאַרען... אָבער ס׳דאַרף וועט שויך אין מיר קיין טעות נישט האָבען!.. מיין שענער בלאָנדער קאָפּ!..

ב ר אָ נ ק ע

ווייל דו ביסט היימיש, און אויפגעוואַקסען דאָ; די פויערים קענען דיך, ווען דו ביסט נאָך אַ קינד געווען...



א י ג נ אַ ש

פינסטער

ניין... נישט דערפאַר... נאָר ווייל, מ׳האָט מיר צוגעקלעבט אַ צעטעל, אַז מ׳זאָל זיך נישט טועה זיין אין מיר!..

ב ר אָ נ ק ע

כ׳פאַרשטעה נישט...

א י ג נ אַ ש

מ׳האָט זיך אַמאָל געפלעגט טועה זיין. און אַנדערע, — אַפילו נישט געוואוסט: כ׳בין פון טאַטענס-הויף, אָדער פון „יאַסני-דוואָר" פון וואַנעט דו ביסט! און היינט האָבען זיי אָפּגעגרע-ניצט די פעלדער, און אויך אַלעמען אויפגעקלעבט צעטלען: פון וועלכען הויף מ׳איז ...

ב ר אָ נ ק ע

און דיר אויך?..

א י ג נ אַ ש

וואָס בין איך, שענער בלאָנד-קאָפּ?.. כ׳בין יענע וואָך געווען אויפ׳ן דאָרף, אויפשטעלען מענשען צום היי,— האָט זיך קיינער נישט גערירט... נו?..

ב ר אָ נ ק ע

באָזשע מאָי!.. און דו האָסט זיי דאָס אַזוי געשוויגען?..

א י ג נ אַ ש

ניין... איך האָב בלויז געביסען די ליפּען פאַר כעס...

ב ר אָ נ ק ע

ס׳טרעפט אַזוי מיין פאָטער, לאָזט ער זיי אַלע אויסשיסען ווי די הינט...

א י ג נ אַ ש

איך בין בלויז געראָטען אין דיין טאַטען, אָבער זיינע מידות האָב איך נישט... ביי אייך האָט זיך נאָך נישט אויכגעלעבט

ס׳געפיהל פון פיינשטשיזנע, און ביי אונז האָט מען די פיינ-שטשיזנע נישט באַדאָרפען אָפּשאַפּען, ווייל אויפ׳ן טאַטענ׳ס הויף איז זי באַלד נישט געווען איינגעפירט !..

**בראָנקע**

און ווילען דערפאַר נישט געהען ערשט אַרבייטען אין הויף אַריין !..

**איגנאַש**

נאַרעלע, ווער ס׳איז געוואוינט צו קריגען געשלאָגען, און באַקומט נישט—פעלען אים די קלעפּ; געהען זיי דערפאַר אין „יאַס-ני-דוואָר...״

**בראָנקע**

זיך דערמאָנען אין די שמיץ...

**איגנאַש**

פינסטער

אויף אונזער הויף געוואָרפען אַנ׳אומחן...

**בראָנקע**

טאַרחיינס

און דו געניסט אין זייער זכות, איגנאַש

**איגנאַש**

כע-כע... אַ טרער אין אויג !.. בראָנקע, אַצינד דוכט זיך מיר ביסט דעם פּאַכטשאַרוש׳ס טאָכטער !.. און דיין טאַטע איז קיין שלאַכטשיץ נישט !..

**בראָנקע**

יאָ... יאָ...

**איגנאַש**

כאַ-כאַ... כ׳וואָלט נישט געגלויבט, אַז דו ביסט אַזוי צעקראָכען ווי דעם פּאַכטער׳ס טאָכטער, וואָס געהט מיט די קאַנען מילך. כ׳קען דיך פון פערד אַראָפּ: אין די רויטע שטיוועל מיט



די הויכע כאָלעוועס איבער די קניה אַריבער !..

**בראָנקע**

טוליעט זיך אין אים

כ׳האָב מורא פאַר דיר, איגנאַש !..

**איגנאַש**

כ׳וואָלט נישט געגליבט, דו זאָלסט מורא האָבען !.. וואָס טוסטו, אַז דו רייססט אַרויס אין וואַלד, און ס׳לויפט אויף דיר אַ ווילד חזיר, — האָסטו מורא ?.. נעמסטו זיך צו דער ביקס, אַ ?.. נאַרעלע, אַז זיי וועלען ווערען אַזוי ווילד ווי די חזרים, וועל איך אויך קיין רחמנות נישט האָבען, און נעמען די ביקס אין האַנט אַריין !.. א געדויש אין הויף קום, בראָנקע, די לעצטע שניטער׳ס זענען, דוכט זיך, אַרויס פון הויף, מיין פאָטער קען נאָך אונז טרעפען... קום!..

**בראָנקע**

ווערסטו מיך לאָזען אַליין אַהיימגעהן, אַז ס׳ווערט באַלד נאַכט?..

**איגנאַש**

ניין... כ׳האָב דאָ ס׳פערד מיינס שטעהען אָנגעבונדען, כ׳וועל דיך אַרויפנעמען, און אָפפירען צום טאַטען אין הויף אַריין...

**מאַניע**

קומט פון הויף ארויס

טאַטעלו... אַ האָז !.. אַ האָז !.. ס׳געהט אים נאָך בלוט פון נאָז !

**ר׳ העניך**

קומט אָפּער, באַטראַכט אים

נאָך וואַרים..

**מאַניע**

פּאָרעט זיך ביי אים

טאַטעלו, אַזאַ שווערער!

ר׳ הענעך
און אַ פעטער... ווער האָט אים אַוועקגעלעגט?..

מאַניע
זיכער
איגנאַש...

ר׳ הענעך
געהערט אַ שאָס טאַקי

קלאַראַ
קומט ארויס פון שטוב: א הויכע, שלאַנקע, בלאָנדע פרוי, מיט בלישטשענדע קעפ אין קאָפּהאָר, א פארעלטערטע שענהייט, אָבער נאָך מיט טיפע שפורען אין פנים, געפודערט, מיט א פענסנע. רופט
אָלעק! אָ—לעק! נישט געזעהן אָלעק׳ן, הענעך?..

ר׳ הענעך
פאַר אַ שפּאָרע ווײַלע. יאָ; זיך געשפּילט אין וואַלד מיט די קינדער פון דאָרף.

קלאַראַ
כ׳האָב גאָר מורא: ער זאָל זיך צוזאַמען שפּילען מיט זיי, ס׳ווערט נאַכט...

ר׳ הענעך
מיט קינדער, נישט קיין גרויסע מענשען דאָך!..

קלאַראַ
רופט
אָלעק!

ר׳ הענעך
אין מחשבות
מיט גרויסע מענשען גיכער מורא צו האָבען ווי מיט קינדער... אַ וועלט?..



קלאַראַ
כ׳וועל הייסען אַרײַנגעבען עפּיס עסען...

ר׳ הענעך
ברוך איז שוין אויפגעשטאַנען?..

קלאַראַ
וואַשט זיך אָרום...

ר׳ הענעך
נו, גוט... כ׳האָב נאָך אָבער קיין מנחה נישט געדאַווענט!..

קלאַראַ
ארטיג
מאַניע, מ׳געהט עסען, צום טיש! אָפּ אין שטוב

מאַניע
טאַטעלו, וועסט נאָך פאָרען קיין וואַרשע?..

ר׳ הענעך
כ׳קלער, אים ירצה השם... אויב נישט אין עטליכע וואָכען אַרום.

מאַניע
און ברוך?

ר׳ הענעך
געקומען דאָך ביי טאָג צו פאָרען, ערשט...

מאַניע
ער וועט מיך מיטנעמען צו דער מומע גיטעלע?..

ר׳ הענעך
קוקט איר אין קעפּעל
יאָ... אויב די מומע גיטעלע וועט נישט אַרויסקומען אַהער...

ברוך

קומט ארויס פון שטוב, א שלאנקער, בלאָנדער יונגערמאַן מיט אַ בלאָנד בערדעל, אַ ווי־
דען פנים. גאָלדענע ברילען :

אַ כייערע לופט...

ר׳ הענעך

אויכגערוט שוין ?..

ברוך

אַ מחיה... ס׳פענסטער אָפען-געשטאַנען, און די אַקאַציע האָט
מיך פשוט פאַר׳שכיר׳ט: כ׳וואָלט נאָך אַודאי געווען איינגעשלאָ־
פען ביז אין דער האַלבער נאַכט, באַשטימט...

ר׳ הענעך

גאָר נישט געווען פאַרשפּעטיגט...

ברוך

שמייכלענדיג

אַ, דער האָז !

ר׳ הענעך

דיר שולדיג ?..

ברוך

גע׳הרג׳עט מיט אַ קאָס!..

ר׳ הענעך

און דיך אויפגעוועקט !.. יאָ !.. אים באַרירט עס גאָר נישט...
אַלצאיינ"—האָט זיך פריער אַרומגעטריבען און טרייבט זיך אויך
איצט אַרום אויפ׳ן פערד, שיסט האָזען !..

קלאַראַ

ער גרייט דערווייל צום טיש...

ברוך

אַ צייט נישט געווען... אַ שפּאָרע צייט... און ס׳האָט זיך כמעט
נישט אומגעביטען גאָר...



ר׳ הענעך

און פון פאַר מיין צייט, אויך נישט אַנדערש, גאָר...

ברוך

די אייגענע פעלדער... די אייגענע כאַלופּעס...

ר׳ הענעך

יאָ... נאָר אַנדערע פּירות... און אַנדערע מענשען זיצען אינ־
וועניג...

ברוך

דער וואַלד — אַ קליין ביסעל עיטערער געוואָרען... אויסגע־
האַקט...

ר׳ הענעך

דער האַנדעל מיט דאַנציג... אויפגעלעבט! גוטע עסקים ביי אים
געמאַכט די סוחרים... זאָגט הויך אשרי ישבי ביתך...

ברוך

כאַ-כאַ... אַ טייערע לופט...

ר׳ הענעך

דאַוונענדיג

אום-הום...

ברוך

מ׳איז אַ צייט אין שטאָט, שמעקט ס׳דאַרף גאָר אַנדערש...

ר׳ הענעך

חי פריער

אום-הום...

ברוך

ס׳וואָלט נישט געווען אַזוי כמורנע, וואָלט איך אַראָפּגעשיקט
מיין ווייב; מ׳ברויך אַ בעסערע לופט ווי דאָ? מ׳קוקט איר-אָן—
נישט קיין טראָפּען בלוט אין פנים...

ר׳ הענעך

שטעלט זיך שמונה עשרה

קלאַראַ

קומט ארויס, זעצט זיך בײַם טיש

היימליך דאָרט ביי אייך, אין וואַרשע, אַ ?..

ברוך

זעצט זיך צום טיש

אָ... ס׳נעמט נ׳קאָפּ אַראָפּ די היימליכקייט...

קלאַראַ

און די שטילקייט דאָ אויך אַזוי...

ר׳ הענעך

גערט אויס שמונה עשרה

יאָ... אומעטום אַזוי... זעצט זיך צום טיש
אומעטום...

ברוך

אַ גהנים...

קלאַראַ

אַ שרעק ויאָס ס׳האָט זיך דאָ געמאַכט !.. ס׳קומט אויף דער נאַכט, דוכט זיך: אַ מדבר...

ר׳ הענעך

פאַרטיפט

יאָ... יאָ...

קלאַראַ

מ׳פאַרמאַכט די לאָדען...

ר׳ הענעך

פאַר דיינע צייטען, פלעגען נישט אָפען זיין די פענסטער צו גאַנצע נעכט ?..



קלאַראַ

מ׳פאַרמאַכט די טירען אויף די פרענטען ; דער הונט טוט אַ ביל—ליגט מען שוין אויף, און די האָר שטעלען זיך קאַפויר...

ר׳ הענעך

יאָ... יאָ...

קלאַראַ

ס׳האַרץ שטאַרבט אָפּ מיט אַלע אברים...

ר הענעך

ס׳אַ-חידוש ?.. פויערים, אַז ס׳ווערט אויפגערייצט, איז דאָס גזלנים...

ברוך

אומעטום ס׳אייגענע... אין שטאָט... אין דאָרף... און אַז וואָס ס׳וועט ברענגען ?..

ר׳ הענעך

מיסטיש

אַלץ שוין געווען. פון אַלעם שוין פאַרזוכט...

ברוך

אָבער אַזוי שטאַרק ?..

ר׳ הענעך

ווייסטו אָס ס׳האָט זיך געטון פאַרצייטענס ?.. מגלת אומאַן.. און נאָדוופריער, צו גאַנצע קהלות אויסגעשאָכטען !..

ברוך

ברויך מען צומאַכען די אויגען, און שווייגען... מקבל זיין...

ר׳ הענעך

מילא, אַז מ׳לאָזט נאָר אָפּרוהען אַ ביסעל — אויך די והותרן!.. איין מעלה : ס׳איז נישט מיט איינמאָל אומעטום ביסער... אויף איין אָרט שלעכט, איז ערגיץ אַנדערש—בעסער !.. מ׳וואָלט אַזוי

אומעטום און אויף איינמאָל צוגעצויגען ס׳שטריקעל ?.. חלילה !..

**ב ר ו ך**

קען געמאָלט זיין : מ׳זאָל ברויכען אַוועק ?..

**ר׳ ה ע נ ע ך**

מ׳מוז תּמיד זיין אָנגעגרייט דערויף... *פארטיפט זיך* מילא, ווי לאַנג לעבט אַ דור ?.. צוואַנציג... דרייסיג... פיפציג יאָר !.. אַמאָל האָט נאָך ס׳דור אַ שטאַרקע ענליכקייט צום ערשטען... דיזעלבע תּניעות.: דיזעלבע דרכים... פאַר דאָס : דער דריטער... פירטער. . אָ, איז שוין ווייט... איגגאַנצען אויסגעטון!.. און זיי קערען זיך לחלוטין נישט אָן...

**ב ר ו ך**

וואו נעמט מען די כחות, טאַטע ?..

**ר׳ ה ע נ ע ך**

פון אינווייניג... די אמונה... וואָס גרעסער די צרות — שטאַרקער די אמונה ; די יודישע אמונה איז אַ שווער געפּרוווטע ; נישט איין אומה האָט שוין איר כּלי-זין צעבראָכען !.. ביי איר... *פארטיפט* יאָ... זיי קענען איר שלעכטס טון... אָפּרייסען אַ צווייג... אַ יחיד... אָבער דעם בוים רירען ?.. כּע-כּע !.. ס׳קען אים ווער אומברענגען ?..

**ק ל אַ ר אַ**

*וועלכע דער שמועס האָט נישט פאראינטערעסירט, איז נאָך פון פריער אוועק אויפ׳ן ברעג פון וואלד, זיך ארומגעקוקט און רופט*

אָלעק ! אָ—לעק !

**אָ ל ע ק**

*קומט ארויס פון וואלד*

מאַמעלו, דריי זומער-פייגעלעך געכאַפּט !..

**ב ר ו ך**

*בעמט אים אויף דער שויס*



ווי אָנגעמאַטערט ס׳איז ! ס׳גראָט אַריין אין איגנאַש׳ן !

**ק ל אַ ר אַ**

*חישט אים ארום ס׳פנים׳ל*

ווי פאַרשוויצט ס׳איז... נאַ... עס עפּעס... אַ מזיק!..

**אָ ל ע ק**

*פארצאפעלט*

מאַמעלו, סטאַך וואַרט דאָרטען !.. מ׳געהט כאַפּען פיש...

**ק ל אַ ר אַ**

כ׳האָב מורא... ביינאַכט... ביים וואַסער...

**אָ ל ע ק**

מאַמעלו, זיי קומען אַרויס פאַרנאַכט... אָפּ.

**ק ל אַ ר אַ**

ס׳אַראַ גדולה ס׳האָט מיט׳ן ביקסעל...

*פאכטשארוש, פאכטשארקע, וויסקראָביק, וועלכער האלט זיך ביי דער מוטער׳ס קלייד. זיי טראָגען די קאַנען פון מילך, א מעלק-שעפעלע, א מעלק-בענקעלע*

**ר׳ ה ע נ ע ך**

אַ, די גאַנצע משפחה !..

**פ אַ כ ט ע ר ק ע**

מ׳געהט פון דער מעלק, האָט מיך מיינע נישט אָפּגעלאָזט ; רק אַריינגעהן !.. און אַזוי ווי מ׳געהט—מיט די קאַנען, מיט׳ן מעלק-בענקעלע... און מיט׳ן מעלק-שעפעלע...

**ר׳ ה ע נ ע ך**

אַ וואָזשנע זאַך, מסתמא...

**פ אָ כ ט ע ר**

נעכטען נישט נעגאַנגען, און אייערנעכטען נישט געגאַנגען, און אַצינד זיך צוגעקלעבט: כ׳מוז !.. בנאמנות. זי וואָלט מיך דער־הרג׳עט, און נישט געווען געפּויעלט ביי מיר !..

ר׳ הענעך

אַנ׳אומגליק מיט אַ בהמה, אפשר ?..

פּאַלטערקע

חלילה, בעל-הבית...

פּאַלטערקע

כ׳ווייס, ווי מ׳הויבט אָן?.. אין סדור׳ל מישט מען גלייך אויף! און דאָ ?.. אָפּגעווען פּאַלטשאַרזש, פאַר׳ן אַלטען נאָך געווען, און אַצינד, אַזאַ פּזמון...

ר׳ הענעך

כ׳פאַרשטעה שוין... כ׳פאַרשטעה...

פּאַלטער

כ׳וועל מיך דאָרט אַרומקוקען, און נישט זעהען: נישט די קאַנען, נישט דאָס בענקעלע... ס׳שעפּעלע... די שוואַרצע בהמה... די רויטע בהמה.. .און ס׳קעלבעל, אַז ס׳וועט אונטערוואַקסען און ווערען אַ יאַלעווקע... הייסט אַפּ אַ טרער

פּאַלטערקע

ער רעט, — ס׳קינד רעט אַרויס פון אים... און די נאַכט אַזוי... ס׳איז אים אַ שאָד... דער הויף...

קלאַראַ

איר פאָרט אַוועק ערגיץ ?..

פּאַלטערקע

יאָ, בעל-הבית׳טע, קיין אַמעריקאַ...

פּאַלטער

אַז, כ׳האָב מיך אויפגעהויבען, האָט מיך שוין די יאַלעווקע גע-רופען... ס׳קעלבעל געמעקעט... און דאָרט, צו וואָס וועל איך מיך אויפהויבען ?..

פּאַלטערקע

אַ בהמה... אַ שטיק נאַר... אין אַמעריקע מיינט ער: איז נישטאָ



קיין בהמות... ס׳פעלעו דאָרט אָקסען...

ר׳ הענעך

יאָ... יאָ...

פּאַלטערקע

די קינדער אַלע דאָרטען, און יעדער בריף איז אויסגעווייקט מיט טרערען... מיט געלע פלעקען... רק מ׳זאָל אַראָפּקומען !.. מאָלט אייך קינדער, — דאָס האָט שוין דאָרטען פּיצלעך, ווער נעמט עס אויף רער האַנט ?.. פרעג איך אים... ס׳אַראַ טאַטע-מאַמע זענען מיר ?.. און ער, שטיק תם: ר׳וועט נישט קענען לעבען אָהן די בהמות !.. זיין פאָטער דאָ, פּאַלטשאַרזש גע-ווען, און אים צו לענגערע יאָר — פּאַלטשאַרזש געשטאָר-בען !.

פּאַלטער

און כ׳וואָלט איר נישט געהאָרכט: ווען... ווען ס׳וואָלט זיך נישט אַזוי געמאַכט... די פויערים זאָלען נישט קריצען מיט די ציין און געהיבעלט ס׳אָרט, וואו איך שטעה ביי זיי... כ׳קום אַ נומעלטען אַריין צ מיעטעקען, זאָגט ער צו מיר: „וואַרט, וואַרט, איר וועט אייך שוין לאַנג נישט כאָווען דאָ ?.. מ׳האָט שוין פאַר אייך אָנגעגרייט !..”

אַלע

ווערשראָקען

וו—אָ—ס ?..

גבריאל

קומט-אָן געפירט פון שרה׳לען

שרה׳לע, וואָס איז׳ס דאָ פאַר אַ געשריי אויפ׳ן הויף ?.. שרה׳-לע !..

שרה׳לע

פעטער ! וואָס פאַר געשריי ?.. פעטער !

ר׳ העגעך

איבערגעשראָקען...

גבריאל

איבערגעקומען שוין די שרעק ?..

ר׳ העגעך

איבערגעקומען, ב״ה...

גבריאל

זעצט זיך אַראָפּ אויף אַ פּיען

אַזוי... אַזוי... אַלע נאַכט הער איך רופֿן: גבריאל!.. גבריאל!..

מאַניע

זעצט זיך קעגען אים אַוועק

ווער רופט, זיידעלו, ווער רופט ?..

גבריאל

מ׳רופט מיך אַהיים... צו זיך..

שרה׳לע

פֿאַר וואָס, זיידעלו, פֿאַר וואָס?..

גבריאל

מסתמא אַ שלעכטער דור אָנגעשטאַנען...

ר׳ העגעך

און גאָר אַ שלעכטער...

גבריאל

אמת, העגעך... אמת ?

ר׳ העגעך

אלאָ מה, לייקענען ?..

גבריאל

אַזוי... האָט מען געשוויגען... פֿאַר מיר באַהאַלטען..



ר׳ העגעך

נ׳וואָס ?.. האָט מען זיך געבּרויכט איילען די בשורות אָנצוטראָ-
גען ?..

קלאַראַ

גלייכער: מ׳ווייסט פון זיי נישט... גלייכער...

גבריאל

פֿרשיטערט

וואָס טוט זיך דאָ ?.. האָבען זיך אַלע אויפגעקליבען ?.. כ׳האָב
שוין געהערט: ברוכ׳ן רעדען... העגעכ׳ן... קלאַראַ. אַך, אַ שאָד
מיינע אויגען זעהען נישט !.. אַ גרויסער שאָד !.. כ׳וואָלט נאָר
איינמאָל כאָטש געוואָלט אייך זעהען, איידער כ׳גיי אַראָפּ אין
קבר אַ־יין...

ר׳ העגעך

דער טאַטע האָט דאָך אַ ברכה: מאה ועשרים שנה !..

גבריאל

יאָ... נאָך צוואָנציג יאָר .. הונדערט האָב איך שוין אויפגע־
קליבען... קלאָרע... און טונקעלע... ריינע, געשליפענע, און מיט
סקאַזעס...

ר׳ העגעך

מער ליכטיגע?..

גבריאל

ניין... פינסטערע... און די לעכער פון די אויגען, האָב איך פו
זיי גע׳ירשה׳נט...

ר׳ העגעך

יאָ... ווער ס׳האָט זיך געמישט... אַז דער זיידע האָט זיך גע-
מישט !.. אַ נוגע !..

איגנאַש

מ׳הערט זײַן קול אין הינטערגרונט

עי !.. העי !.. וואָס שטעהט איר ווי די קעלבער ?.. ס'וואַסער איז טיף דאָרט ?.. א טירעל, אלע צעלויפען זיך ארונטער

קלאַראַ

שרייט פאַרצווייפעלט

אָלעק !.. אַריינגעפאַלען... ס'וואַסער מיטגעריסען !..

איגנאַש

באַלד... איך נעם אים שוין אַרויס... טראָגט אים אין א וואַלע ארויס א דערטרונקענעם

גבריאל

דריקט שרה'לען צו זיך

וואָס טוט זיך דאָ ?.. וואָס באַהאַלט מען פאַר מיר ?.. קינדער !.. וואָס באַהאַלט מען פאַר מיר ?..

פאַרהאַנג

# צווייטער אַקט.

א צייט שפעטער.

א גרויסע שטוב. די ווענט איבערגעווייסט מיט קאַלך. רעכטס: א שרייבטיש, וועלכער איז פאַרוואָרפען מיט פאַפירען, חשבונות; דאָ, אויפ'ן וואַנט: אַנ'אַפרייס-קאַלענדאַר מיט משונה גרויסע דאַטע-ציפערן. א „שטשיאָט" אויף רעדלעך. א קעגענאיבער ליגען שטריק צו וועגען און משאות, דראָטען, אייזערנע קייטען, פערדישע געשפאַנען, רעדער און אנדערע שטיקער הויפישע בעלי-הבית'ישקייט. אין הינטערגרונט, איבער דער טיר: א הירשענקאָפ מיט ברייטע הערנער, צווישען טיר און פענסטער, א ביקס מיט א לעדערנעם יאַגד-טאַש.

ארום, אויף די ווענט: פאַבריק'ם-שילדען, אויף וועלכע ס'זענען אויסגעמאָלט פאַרשידענע ערד-ארבייטס-מאַשינען.

ס'פענסטער איז אָפען. האַלב טונקעל. תחלת נאַכט. פון הויף הערט זיך Ave Maria געזאַנג.

אײגנאַש

אָנגעטון אין אַ גרויער ליב-בלאָזע, זיצט בײם קאַנטאָר-טיש, מישט אַ בוך

יאַנוש

װעלכער שטעהט אַרױסגעבױגען ביז אין דער העלפט אין דרױסען, קערט זיך אום

איגנאַש, װען ברױך דער טאַטע קומען?..

אײגנאַש

װען קומט דער צוג?

יאַנוש

תחלת נאַכט... און װי שפעט װעט זײן אַצינד?

אײגנאַש

אַ שעה אין דער נאַכט...

יאַנוש

נו, און אַז מ'זעהט אים נישט?..

אײגנאַש

שױן געהערט די װעגעלעך צוריקגעהען פון דער סטאַציע?..

יאַנוש

נײן...

אײגנאַש

איז דער צוג נישט געקומען נאָך?..

יאַנוש

ס'איז קײן ראיה נישט; אַלעמאָל געהען אַראָפּ בריטשקעס אין דאָרף אַרײן, נאָך איטליכען צוג...

אײגנאַש

אַלענפאַלס...



יאַנוש

אַזאַ שטאַרקער צופאָר דאָ אַרומעט?..

אײגנאַש

ביסט נישט קײן היגער?.. פרעגט זיך אַזױ אױס!.. אײן װעגע-לע איז תמיד דאָ,—דער צוג געהט אַדורך!..

יאַנוש

און אײן װעגעלע האָט געקענט אַדורכגליטשען זיך, כ'זאָל נישט הערען..

אײגנאַש

שטעהסט דאָך בײם פענסטער און האָרכסט זיך אײן...

יאַנוש

ס'איז דען נישטאָ קײן אַנדערער װעג פון דער באַן?..

אײגנאַש

יאָ... אָבער אַ שלעכטער... אַ פױלישער װעג... זאַמדען... געדױ-ערט צװײ מאָל אַזױ לאַנג װי דורכ'ן װאַלד...

יאַנוש

אָבער אין װאַלד איז פשוט אַ סכנה... ס'איז דאָרט חושך... מ'קען אָנטאַפּען די פינסטערניש...

אײגנאַש

כ'װעל נאָך איבערװאַרטען; און קלערען: אפשר זיך פאַרשפּעט גם דער צוג?..

יאַנוש

װײסט באַשטימט: ער זאָל הײנט קומען?..

אײגנאַש

ס'איז אַפילו נישט אױסגעזעצט, נאָר אױב ער װאָלט געהאַלטען בײ בלײבען—װאָלט געװען אַ ידיעה...

יאַנוש

װיפיל קען זײן פון דער סטאַנציע, אַהערצו?..

א י ג נ אַ ש

וויפיל מאָל דו ביסט שוין צוגעלאָפען צו פיס, און געפאָרען,—
און ווייסס אַלץ נישט?..

י אַ נ ו ש

יאָ... נישט איינגעפאַלען קיינמאָל צו קוקען אויף די וויאָר-
סטען...

א י ג נ אַ ש

קאַרגע זיבען...

י אַ נ ו ש

נישט קיין גאַנצע מייל...

א י ג נ אַ ש

איראָניש

פיר וואָכען פאַר א חודש... כאַ-כאַ!..

י אַ נ ו ש

דיר לאַכט זיך. יאָ... פויזע ווי לאַנג ברויך געדויערן, מ'זאָל
צופאָרען אַהער?..

א י ג נ אַ ש

אַ קאַרגע שעה...

י אַ נ ו ש

און צו געהן?..

א י ג נ אַ ש

ווי לאַנג פלעגט געדויערן ביי דיר, אַז דו ביסט צוגעגאַנגען?..

י אַ נ ו ש

נאָך א ווײַלע

יאָ... נישט געשאַט: אַרויסגעהן אַנטקעגען..

א י ג נ אַ ש

נישט געאײַליג... מ'קען נאָך אונטערוואַרטען; נאָך אַ קלער.



אויב דער צוג איז שוין בכלל געקומען?..

י אַ נ ו ש

יוייסט נישט, צי וואָס דער טאַטע איז איצט געפאָרען קיין
וואַרשע?..

א י ג נ אַ ש

כ'ווייס?..

י אַ נ ו ש

געפעלט מיר נישט די נסיעה זיינע איצט...

א י ג נ אַ ש

ערגער ווי ס'איז קען דאָך נישט זיין... ער האָט דיר נישט גע-
זאָגט?..

י אַ נ ו ש

און דיר?..

א י ג נ אַ ש

יאָ, עפּיס גערעט, אָבער מיט אַ האַלב-מויל...

י אַ נ ו ש

דו ביסט דאָך עקאָנאָם אין הויף, אין איטליכען ווינקעלע, און
זייסט צו וואָס ער פאָרט איטליכעס מאָל!..

א י ג נ אַ ש

יאָ!.. דוכט זיך: אויסגלייכען די אַקטען אין היפּאָטעק, און אפשר
איבערן סכסוך פון דער „פּאַסטוויסקע..."

י אַ נ ו ש

און מיר האָט ער געזאָגט: ווייל ברוך האָט צוגעמאַכט ס'געּ-
שעפט.

א י ג נ אַ ש

מסתמא: אַנ'אויסרייד.

יאַנוש

אונטער וואָס?

איגנאַש

ער זאָל פאַרקויפֿען ס׳דאָרף.

יאַנוש

וועט ער פאַר קיינעם נישט זאָגען, און דאָס אָפּטון אין דער שטיל?..

איגנאַש

כ׳ווייס? פאַרקויפט עס נאָך נישט אין איין פאָר! זיך אַרומזעהן אַודאי אויף אַ קונה...

יאַנוש

ס׳ווייב האָט אַפילו איבער אים אַצינד די גאַנצע דעה... זי פירט מיט אים ס׳רעדעל!..

איגנאַש

אַ קליין אומגליק געהאַט?..

יאַנוש

און פייניגט אים דאַריבער: זיי זאָלען אַרויס פון דאָרף.

איגנאַש

און אין שטאָט איז בעסער?.. וואו וועט ער זיך אַהינטון?..

יאַנוש

דאָ געהען זיי נישט אַרבייטען אין הויף אַריין, און אין וואַרשע האָט ברוך פאַרמאַכט ס׳געשעפט, ווייל ס׳איז אויף אַ קריסטליכער גאַס, און ס׳שמעקט מער קיין הונט נישט אַריין צו אים...

איגנאַש

און וואו איז בעסער?.. וואו?.. ס׳איז גאָר שלעכט, מ׳קען זיך נישט קיין ריר טון.



יאַנוש

שוין גלייכער דאָ באַלד זיצען איינגעשפאַרט אין תפיסה...

איגנאַש

יאָ אַ תפיסה... אַ שטייג... פון וואַנען מ׳טאָר אַ פוס נישט אַרויסשטעקען, נ׳קאָפ — אַרויסווייזען.

יאַנוש

אפשר נישט אַזוי אָנגעשטרענגט דאָרט... אַ שטאָט—גיכער... וועט זיך נישט טרעפען, מ׳זאָל נישט וועלען אַ קינד אַרויסנעמען פון וואַסער און לאָזען דערטרינקען ווערען.

איגנאַש

געהערט, ס׳האָט דאָרט אַ דאָקטאָר נישט געוואָלט געהן צו קראַנקען, ווייל דער קראַנקער איז אַ יוד...

יאַנוש

אום-הם...

איגנאַש

אַ חלוק?.. אויב מ׳וועט אַזוי העצען, וועט שפּעטער דאָרטען ערגער זיין... שלאָגען אויך...

יאַנוש

יאָ...

איגנאַש

שלאָגען טאַקי אויך...

קלאַראַ

קומט אריין אין טרויער

מ׳וואָלט זיך געבּרויכט פאַרמאַכען!.. אָפען אומעטום... אַלע שטאָלען...

איגנאַש

גאָר נישט שפּעט אין דער נאַכט...

יאַנוש

מ׳זעהט נאָך שטיקער טאָג אַרומשווימען אויפ׳ן הימעל!..

קלאַראַ

אויפגעפראַלט אַלע טירען? דער טאַטע פאָרט אַוועק אויף עט-ליכע טעג, שוין קיין בעל-הבית׳ישקייט נישטאָ...

איגנאַש

באַ!.. ס׳איז נאָך נישט אַזוי!..

יאַנוש

אַראָפגעלאָזט די פליגעל...

קלאַראַ

עמיץ געווען ביי די שטאַלען?..

איגנאַש

וואָס דען?

קלאַראַ

געדוכט: ס׳האָט זיך עמיץ געדרעהט. מ׳מוז היינט האָבען אומעטום... ד׳אויגען

יאַנוש

ס׳וועט קיינער נישט אַריינקריכען אַזוי פריה...

קלאַראַ

איידער זיך פאַרלאָזען, איז גלייכער מ׳זאָל נאָכקוקען...

איגנאַש

מ׳וועט דאָך נישט אַדויספירען קיין בהמה אין מיטען העלען טאָג!..

יאַנוש

אַזוי ווי גזלנים אין וואַלד!..

קלאַראַ

אַרויספירען אפשר נישט, נאָר... כ׳ווייס?.. מ׳ברויך היינט מער



זיין געהיטען: מיט וואָס מ׳געהט אַריין, ווי מיט וואָס מ׳געהט אַרויס. איבער אַ נאַכט, און מ׳קען ברויכען אַוועקגעהן איבער די הייזער...

איגנאַש

גוט... כ׳וועל באַלד זיין אין דרויסען... און זיך אַרומזעהן...

קלארא—אפ

יאַנוש

איר באָסט!..

איגנאַש

איר האַרץ!..

יאַנוש

יאָ, רייסט זיך אָפ דאָ...

איגנאַש

אַז זי האָט ס׳קינד נישט?..

יאַנוש

פרעמד איר יעדער...

איגנאַש

נעמט אראָפ די ביקס פון דער וואַנט, מייסטרעוועט ביי איר

יאָ... איר האַנט שטעקט דאָ געוויס; אַז דער טאַטע זאָל ס׳דאָרף פאַרקויפען.

יאַנוש

נאָך אַ ווײלע

דו געהסט היינט ווייטער, אויף ביינאַכט, היטען?..

איגנאַש

יאָ...

יאַנוש

נאָך אַ ווײלע

כ'האָב געמיינט: דו געהסט אַרויס אַקעגען דעם טאַטען אין וואַלד אַריין, און נעמסט די ביקס מיט!..

**א י ג נ אַ ש**

כ'קלער דאָס אויך...

**ג ב ר י א ל**

מ'הערט אַ קלאַפּען מיט אַ שטעקען אונטער'ן האַנט, און ער קומט אַריין דערנאָך, פּאַריסען נ'קאָפּ

שרה—לע !..

**י אַ נ ו ש**

זי איז נישטאָ, זיידע!

**ג ב ר י א ל**

וואו איז זי?.. שרעקליך צעטראָגען געהט, רופט מיר מיינע שוואַל-בען, די אייניקלעך !.. לאָמיך זיי האָבען מיט מיר, ווי לאַנג כ'שטעה נאָך אויף די פיס, און די השגחה עליונה האָט מיך איבערגעלאָזט מיט זיי באַנאַנד...

**א י ג נ אַ ש**

נעמט די ביקס

גוט... איך וועל איר באַלד אַריינשיקען!..

**ג ב ר י א ל**

ניין !.. אַליין זאָלסטו קומען מיט איר צוגעהן...

**א י ג נ אַ ש**

כ'וויס פריער! זי איז מיט'ן פאַכטער אין די שטאַלען ביי דער קעמל...

געהט אָפּ

**י אַ נ ו ש**

רופט אים נאָך

איגנאַש, וועסט זיך אַרומקוקען אין די שטראַלען, פון וואָס קלאָרט



האָט דאָ געזאָגט...

**ג ב ר י א ל**

דערשראָקען

וואָס איז דאָ געווען מיט'ן קינד, יעקב?.. ווי אַזוי האָט זיך דאָס אומגליק גענומען?..

**י אַ נ ו ש**

ס'האָט זיך גענומען, זיידע...

**ג ב ר י א ל**

פאַלט אַריין אַ קינד, וואָס איז דערמער?.. איז קיינער נישט געווען?.. און קיינעם נישט געזעהן?..

**י אַ נ ו ש**

אַלע געווען... אַלע געזעהען... ס'דאָרף זיך אויפגעלאָפען !.. און מ'האָט צוגעקוקט, ווי ס'קינד קומט קאַפּויר... ראַנגעלט זיך מיט'ן וואַסער... וויל זיך אָן עפּיס אָנכאַפּען... און מ'האָט נאָר באַדאָרפען אַ האַנט אויסציהען פון ברעג, — און די האַנט האָט זיך נישט אויסגעצויגען...

**ג ב ר י א ל**

קרעכצט

כ'האָב שוין ס'קינד נישט געזעהן... אָבער כ'האָב ס'לייב'עלע געשפירט..., הנאה געהאַט: גלעטען די ווייכע ביינדעלעך... הויבט אויף ב'קאָפּ נו, איז גאָר קיין רחמים ביי די מענשען נישט גע-וועז?..

**י אַ נ ו ש**

אַזוי אַפּנים...

**א י ג נ אַ ש**

קומט אַריין מיט שרה'לען

כ'האָב איר געבראַכט, שרה'לען...

**גבריאל**

טאפט איר צארט איבער'ן קאפ

יאָ... שרה'לע... מיין שוואַלב...

**שרה'לע**

יאָ, זיידעלו...

**גבריאל**

ציטעריג

וואו ביסטו געווען, שרה'לע, וואו ?..

**שרה'לע**

אין הויף, זיידע...

**גבריאל**

ווייסט: כ'קלער שטאַרק איבער, אַז איר געהט אַרויס — גיט'ס מיר קיין רוה נישט...

**שרה'לע**

כ'געה נישט מער אַליין אין פעלד אַריין, זיידע...

**גבריאל**

מער ווי אַ שעה, ווי כ'האָב מנחה געדאַווענט אין וואַלד — די לבנה ברויך שוין האָבען לאַנג אויפגעגאַנגען אויפ'ן הימעל ?..

**יאַנוש**

אַ פינסטערע נאַכט היינט...

**גבריאל**

מיר איז שוין קיין חלוק נישט, די לבנה מחדש זיין—וועל איך נישט מער, נאָר פאַר אייך איז נאָך אַצינד די סכנה גרעסער...

פלוצלינג יצחק, וואו האָסטו מרים'ען געלאָזט ?..

**יאַנוש**

מאַניע ?..



**גבריאל**

ציטערט איינגאַנצען

מרים!.. מרים!..

**איגנאַש**

נישט געזעהן גאָר אין דרויסען...

**גבריאל**

זי גיט מיר קיין רוה נישט, יצחק! האָב רחמנות געה ברענג מיר מיין שוואַלב, מיין אייניקעל ...

**איגנאַש**

בערוועז

כ'געה... אפ

**גבריאל**

ועצט זיך אראפ

איר האָט מיך גענאַרט, קינדער, מיר איינגערעט: ס'אַלטע פוילען לעבט...

**שרה'לע**

נישט געוואָלט דיר פאַרשאַפען קיין שלעכטע עלטער... זיידע...

**גבריאל**

געמיינט: כ'בין בלינד און כ'זעה נישט, וועל איך אויך נישט הערען און נישט שפירען...

**יאַנוש**

ס'האַרץ נישט געווען...

**גבריאל**

און, אפשר מיך געלאָזט אַראָפ-געהן אין קבר—כ'זאָל נישט וויסען, וואָס ס'טוט זיך דאָ ביי אייך?..

**יאַנוש**

יאָ... זיידע...

גבריאל

אין זיך פֿאַרטראַכט

יאָ... קינדער... איר האָט שוין באַלד מער קיין זיידען נישט...
ביז אַצינד האָט נאָך די בּראָכֿה חל געווען...

יאַנוש

און אַצינד, זיידע!..

גבריאל

וועט מען אַודאַי מיך רופֿען צו דין-תּורה אויבען!.. מיך ברוי-
כֿען פֿאַר אַנ׳עדות !.. נישטאָ מער קיינער פון יענער צייט,
וואָס האָט זיך אפשר געזאָלט דערוואַרטען ביז אַצינד, גאָר איך
אַליין...

יאַנוש

כּ׳איז נאָך דאָרט אויבען קיין דין-תּורה נישט, מ׳וועט אונז
נאָך אַזוי גיך נישט משפּט׳ן...

גבריאל

כֿ׳שפּיר, ס׳וועט נישט לאַנג געדויערן מער, וואָרום אַלע נאַכֿט
הער איך רופֿען :—גבריאל ! גברי—א—ל !..

שרה׳לע

זיידע... זיידע... כֿ׳וועל בּלייבּען אַליין, און ווי אַזוי וועל איך
וויסען: כֿ׳האָבּ אַמאָל אַ מאַמע׳ן געהאַט, אַ טאַטע׳ן געהאַט?.. און
מיין שטאַם איז?..

גבריאל

גלעט איר איבּער׳ן קאָפּ

אַצינד וועל איך דיר זאָגען... יאָ!.. וואָרום שפּעטער, האָבּ איך
מורא, — וועט שוין מער קיינער נישט זיין, וואָס זאָל נאָך
וויסען צו דערצעהלען.

שרה׳לע

אַמאָל, אין אַ טריבּע מינוט, — שעם איך מיך פֿאַר זיך אַליין,



און ס׳דוכֿט זיך מיר: כֿ׳בּין דאָ אַ פרעמדע אין הויף!.. כֿ׳בּין
דאָ ערגיץ געפונען געוואָרען אויפֿ׳ן פעלד!.. אונטער אַ וואַנט...
און ס׳איז גאָר נישט מיינס אין הויף... נאָר דער זיידע האָט
מיך גענומען... פֿאַר רחמנות וועגען... און פֿאַר זיינס אַ קינד
אויפגעכֿאָוועט...

גבריאל

ניין... ניין... קינד מיינס...

שרה׳לע

און אַצינד, אַז דער זיידע וועט שטאַרבּען, וועל איך בּרויכֿען
אַוועקגעהן אין דער וועלט אַריין... און ס׳וועט דאָ קיינער
מער נישט זיין מיין... און כֿ׳וועל בּלייבּען אַ יתום אַליין...

צעוויינט זיך

גבריאל

פון געדאַנק

ניין !.. אַ גלייכֿער יורש בּיסטו !.. אַמאָל איז ער אויף די אונ-
טערשטע פעלדער פֿאַרבּליבּען... אַ שווערער בּין השמשות... דער
רעגען האָט די דאָלינע פֿאַרגאָסען...

יאַנוש

די אַלטע דאָלינע !..

גבריאל

איז פיל געווען מיט וואַסער... און מ׳האָט נישט געקענט אַרי-
בּערקומען צום הויף מער, אַ ווייסעל האָט זיך געטראָגען, אַפילו
דאָס קליינע רינטשקעלע האָט געקריגע אַ בּייזען שטערען, און
זיך געקנייטשט ווי בּיי אַ זקן, און ער האָט נישט געקענט קו-
מען אַהיים מער אין הויף אַריין !..

שרה׳לע

ווער, זיידעלו !..

נבריאל

דיין טאַטע!..

שרה׳לע

הפלוט אים ארום

וויי... וויי... זיידעלו... וואָס איז געווען?..

נבריאל

מ׳האָט שוין געהאַט דענסטמאָל אָפּגעשניטען ס׳היי, אָנגעשטופּט אַלע „סטאָ אָלעס,״ אָנגעלעגט אין סטויגען אויף די לאָנקעס...
און די היי-שניטער׳ס זענען געבליבען מיט אים, און כ׳האָב נישט געוואוסט איבער זייער גורל דאָרט...

שרהלע

וויי... וויי... זיידעלו!.. וואָס איז געווען?..

גבריאל

בין אין אַרויס אונטערן רעגען, די דונערען זענען זיך אַרום מיר צעפּאַלען ווי די קאַשטאַנעס פון ביימער, און כ׳האָב געגומען שרייען איבער׳ן דאָרף: אָ—האָ! אָ—האָ!

שרה׳לע

מ׳זאָל אויף דער דאָלינע דערהערען?..

גבריאל

יאָ...

יאַנוש

דריי וויאָרסט וועג׳ס?..

נבריאל

און מ׳האָט מיך דערהערט!.. כ׳ווייס נישט וועמענ׳ס קול ס׳איז שטאַרקער געווען?.. אָבער, ס׳איז באַלד אָנגעקומען אַ געזאַנג... פון דער דאָלינע אָנגעקומען!.. די שניטער׳ס האָבען געזונגען... און דיין טאַטענ׳ס קול האָב איך דערקענט צווישען זייער שטורם!.. אויפ׳ן ווינט... צווישען בליצען... כ׳האָב געהערט



זיין קול איבער די פעלדער! עס האָט זיך געשפּאַרט איבער די וואַסער׳ן, און מיך באַרוהיגט..

שרה׳לע

כ׳האָב געזעהן, זיידע, אַ מענש, אַ היוכען, אַ מענש מיט אַ העלען קאָפּ, — כ׳בין דענסטמאָל נישט געזונט געווען, — און ער איז געשטאַנען איבער מיר אַריבערגעבויגען ביים בעט, און מיך מיט די הענט געגלעט...

גבריאל

כ׳איז געווען דיין טאַטע...

שרה׳לע

אין זיינע אויגען, — גרויסע אויגען בלויע, זענען טרערען געשטאַנען...

גבריאל

דיין טאַ: ..

שרה׳לע

לאַנג איז ער טויט, זיידע?..

גבריאל

אין דעם יאָר, וואָס דו ביסט געבוירען געוואָרען, און מיט שכל דעם ערשטען שמייכעל געטון!..

שרה׳לע

און דעם שמייכעל שוין נישט געזעהן?..

גבריאל

ניין...

שרה׳לע

און אַ האָט ער באמת אויסגעזעהן?..

גבריאל

יאָ.: הויך... שטאַרק... מיט אַ שענע, העלע באָרד... ס׳גאַנצע

דאָרף האָט זיך געבענשט אין אים...

**ש ר ה׳ל ע**

און מיין מאַמע ?..

**ג ב ר י א ל**

אויף גאַנץ קליין פוילען די שענסטע געווען...

**ש ר ה׳ל ע**

זיידעלו... כ׳בין אַ נומעלטען געפאַלען אויפ׳ן הויף... און ס׳איז מיר געוואָרען פינסטער אין די אויגען... געבליבען ליגען אין חלשות... האָב איך געזעהן אַ פרוי — אַ הויכע, אַ שענע, וואָס האָט מיך געמונטערט...

**ג ב ר י א ל**

דיין מאַמע...

**ש ר ה׳ל ע**

לאַנג געשטאָרבען?..

**ג ב ר י א ל**

ביי דיר אין בעט... שווער דיך געטראָגען, און נאָך שווערער דיך געהאַט; און ווען דו ביסט אויף דער וועלט געפאַלען—מער נישט געלעבט...

**ש ר ה׳ל ע**

פאַרשטעלט זיך ס׳פנים מיט ביידע הענט

מאַמע... מאַמע...

**ג ב ר י א ל**

און נאָך איר טויט אָנגעהויבען טרויריגער צו ווערען, פינסטערער — ס׳פנים, און שפּעטער אויסגעגאַנגען ביי דיין ערשטען שמייכעל. אָהן אַ קרענק... ווי אַ ליכט געצאַנקט, און ווי אַ ליכט פאַרלאָשען געוואָרען!..

**ש ר ה׳ל ע**

די פריער, מיט אַ געוויין



טאַטע... טאַטע...

**ג ב ר י א ל**

אַז כ׳שפּיר, מיינע טעג זענען געצעלט... און דו בלייבסט אַצינד אַליין איבער; ווער ווייסט, אין וועלכער מדינה דו וועסט קימען, און ס׳וועט פאַרבייגעהן אַ פרעמדער און דיר זאָגען: „האָסט קיין טאַטען נישט געהאַט!.. דיין מאַמע איז פאַרפאַלען געוואָרען צווישען די וועגען...” זאָלסטו זאָגען:—מיין טאַטע איז אַמאָל אין פוילען אַ גרויסער פריץ געווען, מיין מאַמע—די שענסטע אויף שטעט, און אַ גאַנץ דאָרף האָט זיך פאַר זיי כורעים געבוקט!

**א י ג נ אַ ש**

קומט אַריין

מאַניע איז אין שטאַל, ביי דער מעלק!..

**ג ב ר י א ל**

נאַרסטו מיך נישט, יצחק?..

**א י ג נ אַ ש**

גענאַרען ?..

**ק ל אַ ר אַ**

קומט אַריין פון שטוב

איגנאַש, איר האָט אַרויסגעשיקט אַקעגען די נערדה, דער סטאַציע ?..

**א י ג נ אַ ש**

יאָ...

**ק ל אַ ר אַ**

און נאָך אַלץ נישט צוריקגעקומען?..

**א י ג נ אַ ש**

ניין...

ג ב ר י א ל

דערציטערט

יצחק, ווער ברויך קומען?..

א י ג נ אַ ש

דער טאַטע.

ג ב ר י א ל

אַצינד?..

א י ג נ אַ ש

יאָ...

ג ב ר י א ל

דורכ'ן וואַלד?

א י ג נ אַ ש

יאָ...

ג ב ר י א ל

ביינאַכט דורכ'ן וואַלד?

א י ג נ אַ ש

אים אַרויסגעשיקט אַ קעגען אַ ביקס אויפ'ן וועג.

ג ב ר י א ל

נישטאָ קיין אַנדערער וועג, ווי דורכ'ן וואַלד?..

א י ג נ אַ ש

מיט די זאַמדען...

ג ב ר י א ל

רייסט זיך

לאָזט מיך, קינדער, אויב איר ווילט רחמנות האָבען אויף מיר, קומט!.. און אַז איך וועל נאָך טרעפען צו דער ריכטיגער מינוט, זיין צאָרן וועט נישט זיין גרויס—וועל איך פאַלען כורעים און בעטען:—מיך הרג'עט!.. מיך שלאָגט!.. איך בין אַלט, און



וועל בודאי שוין בקרוב שטאַרבען!..

ש ר ה'ל ע

האַלט אים צו, מיט געבעט

זיידע!.. זיידע!..

א י ג נ אַ ש

נעמט אַראָפּ די ביקס פון וואַנט

איך גיי...

ש ר ה'ל ע

פאַרהאַלט אויך אים, מיט געבעט

ניין!.. און דו וועסט נישט גיין... איגנאַש, זיי טראָגען דיר נאָך אַ בייז האַרץ!..

ק ל אַ ר אַ

ס'קען זיין: דער צוג האָט זיך פאַרשפּעטיגט.

ג ב ר י א ל

ניין!.. איך וויל רעדען מיט זיי, כ'וועל מיך אָפּשטעלען, און זאָלען זיי מיר אַריינקוקען אין די אויגען... רייסט זיך צו גיין

ש ר ה'ל ע

מיט גרויס געבעט

זיידע!.. זיידע!..

ג ב ר י א ל

אַראָפּגעפאַלען

שאַ!.. כ'הער: מ'בעט אין דרויסען!.. מ'איז מתפלל!.. אָ— ס'הערט מיר עטוואָס גרינגער... וואַרט, כ'וועל זיי רופען, און פועלן ביי זיי, זיי זאָלען גיין!.. רופט ע—הע!.. כלאַ—פּ— צי!.. פוירערים פּאַקען זיך אַרײַן הערט, כ'וויל אייך עפּיס פרעגען: —גייט איר אַמאָל אין אייער נשמה-טאָג אויפ'ן אַלטען צווינטער? און זעהט דאָרט די קברים פון יענע אַלע, וואָס ליגען שוין

באַהאַלטען, און האָבען אייך אַמאָל געוואָלט אויסלייזען ?..
זעהט : איך בין מיט זיי אינאיינעם געווען !.. און מיין הויף
האָט פאַר'ן וואַלד תּבואה געמאָלען... און אַצינד ליגען דאָרט
אין יענעם וואַלד, די אייניקלעך זייערע, און וואַרטען אָפּ מיין
זוהן אויף די פינסטערע וועגען, און ווילען אים שלעכטס טון..
פרעג איך מיך: פאַרוואָס קומט דאָס אים?..

**פויערים**

אומרוהיג

—ווער?
—וואו?
—ווען?

**גבריאל**

זיי פריער

און זיי רופען מיך, אייערע זיידעס, פון די קברים רופען זיי
מיך, און ווילען מיך פרעגען : וואָס ס'טוט זיך דאָ ?.. ס'אַראַ
וועלט ס'איז?.. און איך וועל זיי דערצעלען: מ'שלאָגט... כ'וועל זיי
דערצעלען פון עניים-קשים !.. און ס'אַראַ פאַרענטפערונג וועט
איר האָבען?..

**פויערים**

צובונטעוועט

—מ'געהט זעהען!..
—אין וואַלד אַריין !..
—העק מיכגענומען !..

**גבריאל**

אַ שעה ער האָט געבּרויכט קומען, און מ'האָט פאַר אים ב'וועג
פאַרשטעלט!.. און ער ראַנגעלט זיך בלינד מיט מענשען— זעהט
אין וואַלד אַריין...

**פויערים**

זיי פריער



—מ'געהט אים ברענגען !..
—ס'וועלען קעפּ פליהען !..
—אין וואַלד אַריין !..
—אין וואַלד אַריין!

פּאַקען זיך ארויס

**גבריאל**

ציט שווער אָפּ ב'אָטעם

גאָט איז אַנ'אל רחום וחנון! יאָ, ס'איז נאָך דאָ אמת וצדק,
און רחמים ביי די מענשען... נישט אינגאַנצען קאַליע... ענדערש
פירט מיך אין שטוב אַריין! כ'וועל מתפלל זיין ביחידות!.. כ'האָב
נאָך אויך אַ שטיקעל דעה... ווערט אָבגעפירט פון מאַניען מיט שרה'לען,
באַגלייט פון יאַנוש'ן.

**קלאַראַ**

געהט ערשט אַרונטער צום טיש. נעמט זיך מישען ס'בוך

אויף וואָס האָבען זיי געוואַרט, די פּויערים ?..

**איגנאַש**

געבּרויכט באַצאָלען פאַר'ן היי-אָפּשניידען!

**קלאַראַ**

און איר זענט נישט געווען ביי געלט?..

**איגנאַש**

יאָ... געוואוכס אָבער, דער טאַטע ברויך קומען, האָב איך
מיך שוין אויפגעהאַלטען, און נישט געוואָלט באַצאָלען אָהן
אים!..

**קלאַראַ**

מישט דאָס בוך

ח בות... אויף איטליכער כּאַלופּע אַ חוב... און ביי איטליכען
פויער...

**איגנאַש**

ס׳איז דאָך נישט קיין ליכווע..

**קלאַראַ**

גענומען און צעטיילט אַ פאַרמעגען... אַז ס׳איז שטיל געווען, איז׳ס געווען גוט, האָט מען געקענט באָרגען... אָבער?.. ס׳וועט עפּיס זיין דערפון,—מ׳זאָל ברויכען אַוועק?..

**איגנאַש**

יאָ.. געווען שטיל... האָט איטליכער אַריינגעטראָגען... נאָכ׳ן שניט...

**קלאַראַ**

די ירושה אויך איבערגענומען פון זיידען, צו טיילען געלט צווישען די פויערים!.. *אָפּ. ס׳הערט זיך אַ טרילעריען פון אַ פייפעל*

**בראָנקע**

*קומט דערנאָך אָן צום פענסטער*

איגנאַש, ביסט אַליין ?

**איגנאַש**

*פענסטער*

וואָס דו זעהסט...

**בראָנקע**

הייסט מיך נישט אַריינגעהן ?..

**איגנאַש**

כ׳ווייס?..

**בראָנקע**

און ניקט דו געהסט אַרויס צו מיר?..

**איגנאַש**

*נעמט איר אַדורך דורכ׳ן פענסטער*

וואָס טוסטו דאָ אַזוי שפּעט אין דער נאַכט..



**בראָנקע**

מיין פאָטער איז צוגעפאָרען אין שטאָט אַריין.

**איגנאַש**

ביכטו אַליין אַריבערגעקומען?..

**בראָנקע**

מיט׳ן אַלטען סטעפּאַנעק...

**איגנאַש**

און ער וועט נישט פאַר קיינעם אויסזאָגען, פון דיין קומען?

**בראָנקע**

ער שווייגט. ווי דער כאָפּאָל ביים וועג!..

**איגנאַש**

און וואָס האָסטו געוואָלט, בראָנקע ?..

**בראָנקע**

ביים נאָמען רופסטו מיך ?.. נישט : בלאָנד-קאָפּ?.. ווי ס׳פלעגט דיר נישט אַראָפּגעהן פון די ליפּען: „מיין שעפער בלאָנד-קאָפּ"!..

**איגנאַש**

יאָ... ווען איגנאַש האָט גערעט. איגנאַש, וואָס האָט געשאָכטען האָזען, זיך אַרומגעטריבען אויפ׳ן פערד און ס׳דאָרף איז פאַר אים נישט געווען קיין שטייג, אַ הינער-שטייג, נאָר אַ פרייער שטח, אויף וועלכען ס׳זינגען סקאָווראָנעס, ס׳וויינען סאָוועס, און ס׳שניפּען האָזען איבער די פעלדער ... אין די וועלדער...

**בראָנקע**

און אַצינד?..

**איגנאַש**

זיץ איך אין טאַטענ׳ס שטוב.. די ביקס איז פאַרראָסט. קוק

אויף די ווענט. זעה איך: קעפּ מיט ווייסע בערד, ווי דער זיידע... זאָגט דער טאַטע: ס׳זענען יידען... קלער איך: מ׳ברויך ווערען אויך אַ יוד... לאָזען וואַקסען אַזאַ ווייסע באָרד...

**בראָנקע**

אַ ווייסע באָרד לאָזען וואַקסען... כאַ-כאַ-כאַ...

**איגנאַש**

יאָ... כ׳האָב געהאַט ס׳פערד, די ביקס... האָב איך עפּיס די קעפּ מיט די ווייסע בערד נישט אַזוי געזעהן!.. ס׳פעלד האָט מיך פאַרנומען... און בין איך אַמאָל אַריינגעפאַלען אין שטוב, אַזוי ווילד נאָך די פּאָלאָוואַניעס.. און זיך פאַרטראַכט אַ ווייַלע איבער זיי,—איז אַרויסגעקומען אַ העלער בלאָנד-קאָפּ, אַרויס-געשוואומען!..

**בראָנקע**

דיין בלאָנד-קאָפּ?..

**איגנאַש**

יאָ!.. און איינגעשלאָפען מיד, דער׳הרג׳עט איבער אַ בינט שטרוי... און דער בלאָנד-קאָפּ מיר געשוועבט פאַר די אויגען... און וואָלט אַזוי אפשר געוואָרען מיטגעריסען... חתונה-געהאַט מיט דיר, גענומען „שלוב“ אין קאָשציאָל, און געריטען מיט דיר אינאיינעם... נישט געשפּירט: כ׳טו אומבאַוואוסטזיניג דער-מיט אַנ׳עולה דעם הויף דאָ. ס׳איז מיר קיינמאָל נישט קיין חלוק געווען צווישען דיביידע הויפען, און כ׳האָט קיינער נישט געמאַכט קיין חלוק צווישען אונז ביידען!.. דו האסט ליב ס׳פעלד און די ביקס... און ביידע האָבען מיר ליב ס׳פערד, ביידע—צו שיסען האָזען!.. ווער וואָלט עפּיס געהאַט; אַז מ׳וואָלט זיך אַזוי אַרומגעטריבען?. און האָזען—זיך געוואַלגערט אויף די וועגען!. רויטע פיקסען גרוי געמאַכט!.. און הירשען די הערנער אויסגעטון!..

**בראָנקע**

און אַצינד, מיין שענער בוים, טאַפּאָל מיינער!



**איגנאַש**

געבליבען אָהן פעלד... מיר ס׳פעלד צוגענומען פון אונטער די פיס... זיץ איך אין שטוב—אַזוי קוקען אויף מיר די קעפּ פון די ווענט אַראָפּ; זילבערנע קעפּ מיט ווייסע, זילבערנע בערד... און אַז כ׳שפּיר: כ׳ברויך אַרויםרייטען אויפ׳ן פערד... ס׳קומט מיר אָן די מינוט, וואָס כ׳ברויך זיך צו צעפּראַלען איבער׳ן פעלד און כ׳האָב ס׳פעלד נישט, ווערט מיר אַזוי אומהיימליך!.. שפּיר איך: אַזוי ווי די קעפּ געהען אַרויס פון די רעהמען... און זייערע אויגען זענען עפּיס אַזעלכע... און זייער לשון... זיי-רע בליקען... אַז ס׳נעמט מיך אינגאַנצען איבער... און ס׳ווערט מיר גרינגער... אַ סך גרינגער, און ברויך שוין באַלד מער ס׳פעלד נישט...

**בראָנקע**

און אַז דו וועסט זיין מיט מיר, טאָפּאָל מיינער?..

**איגנאַש**

ווי אַזוי וועל איך זיין?.. מ׳טרייבט אונז פון דאַנעט... ס׳פעלד שוין צוגענומען!.. און כ׳שפּיר: ווי ס׳גליטשט זיך אויך אַרויס דער הויף!.. איך רעד דאָ, און מיין פאָטער האָט אים אפשר שוין דאָרט פאַרקויפט! ווייל ער האָט מורא צו שלאָפען דאָ... און מ׳מוז אַרומגעהן מיט אַ ביקס און היטען, אַז מ׳זאָל אונז נישט פאַרברענען. פאַרברענען, ווי אַ גע׳פגר׳ט „נאָסאַטע“ פערד, אַ געפאַלענע נבלה,—וואָס מ׳האָט מורא אַריינצוואַרפען אין וואַ-סער פאַר די פיש, אַז ס׳זאָל נישט כאַפּען קיין זאַראַזע אויף זיי...

**בראָנקע**

באָזשע מאָי!..

**איגנאַש**

און אַראָפּ אין שטאָט, יאָ, אין שטאָט... איבערזעצען אַ בוים פון גאָרטען... פון צווישעןביימער ערגיץ אויף אַ גאַס, אין

ענגשאַפט... דער בוים ברויך פעלד !.. די פעטיגקייט פון דער פייכטער ערד... מער זון... ליכט... הימעל... און דאָרטען: דאַרען צווישען צוויי לאַנגע סורות הויכע הייזער!.. אָהן הימעל... אָהן זון... און דערצו אין שטויב... אין קאָרזש... אָהן לופט... ס'וועט אים אויספעלען אָטעם... און וועט דערשטיקט ווערען...

בראָנקע

ליידענשאַפטליך

קוב-ושע מיט מיר, טאַפּאָל מיינער!

איגנאַש

וואו זאָל איך מיט דיר געהן?..

בראָנקע

אין מיין טאַטענ'ס הויף !.. צו אים אין הויז. כ'האָב נעכטען געבעטען פאַר דיר, קינד, כ'האָב מיין טאַטען די האַנט געקושט און געקניהט, ווי כ'קניה פאַר דיר און קוש דיינע הענט! קום, כ'וועל דיך אַריינפירען אין יענעם הויז, אין יענע שטובען. וועסט זעהן דעם פאַרנעם! ס'וועט אויף דיר אַ וויעהע טון מיט אַנ'אַנדערע לופט... דער אַראָמאַט פון אַלט-פוילישען יחוס, ווי פון טייערען פערפום !.. מיין טאַטע איז אַ שלאַכטשיץ !.. אַנ'אַנדערער גייסט דאָרט! דו וועסט אַוועקלעגען נ'קאָפּ צו מיר אויף דער ברוסט, וועסט דערשפירען דעם זילבערנעם צלם אויפ'ן האַרץ און איינשלאָפען באַלד, ווי אַ טויב !..

איגנאַש

און די קעפּ? די קעפּ וועלען אַרויס פון די רעהמער, מיט די ווייסע, זילבערנע בערד... בלויז גוטע יודען... צדיקים... אין זייער זכות,—זאָגט דער טאַטע,—לעבט דער הויף, לעבט דער זיידע. זייער ברכה איז חל אויף אונז...



בראָנקע

אָבער דער זכות קען דאָך מער נישט בייסטעהן אייך; און דער הויף הערט-אויף באַלד צו לעבען. ביי מיר אין שטוב וועל איך אָנצינדען אַ לעמפּעל אייל פאַר'ן בילד פון דער הייליגער מרים, און בעטען ביים גוטען גאָט פון מיינע אבות: זיי זאָלען דיך לייטערען פון פינסטערען גהינם...

איגנאַש

גוט, און דער הויף? און אַלע איבריגע, וואָס זענען מיט'ן הויף? די נשמה פון הויף?..

בראָנקע

וועלען אפשר אַוועקגעהן! נאָר דו וועסט בלייבען דאָ! און פון די ווענט וועלען צו דיר אַראָפּקוקען די אייגענע בילדער, וואָס אין מיין טאַטענ'ס שטוב: מאַטעיקאָ, קאָשציושקאָ און אַנדערע... זיי וועלען דיך ערשט דערציען ווי אַ קליין קינד, אַ וויג—קינדעלע אויף כריסטוס'עס שויס... און דו וועסט ערשט דערשפירען די טיפע, אומבאַגרעניצטע ליבע צו דער ערד פון דעם לאַנד, צו אונזער נעסט, ביים אייל פון לעמפּעל. און אין דרויסען, טאַפּאָל מיינער,—וועט ס'פעלד דיר זיין נאָך-אַמאָל אַזוי ברייט! און דיין פערד וועט שפּריצען מיט שוים אויף די קייטען, שפּריצען מיט פייער אין וואַלד, און אָנצינדען מיט זיי די בלעטער!..

איגנאַש

ניין, עענער בלאָנד-קאָפּ! כ'וועל נאָר זיין דאָרט, וואו אַלע פון דעם הויף וועלען זיין, און מיט זיי אינאיינעם זיך וואַלגערען!.. ווי וועל איך קענען לעבען? אויף זייער אומגליק, אויף זייער חורבן, זיך באַזעצען מיט דיר? זיי קענען האָבען ס'געפיל: כ'האָב זיי אַליין מיטגעהאָלפען אין זייער אומגליק! און קללות און חרמות, וועלען זיך שיטען אויף מיין קאָפּ, וואָרום, אַזוי טוט אַנ'אייגען קינד אַ טאַטען?

בראנקע

און מיט זיי אַוועק ווילסטו, טאָפּאָל מיינער?

איגנאַש

יאָ, בלאָנד-קאָפּ!

בראָנקע

און פאַרגעסען אין יענע נעכט, וואָס דו ביסט מיט מיר אויפ'ן פערד געריטען? אין די הייסע, בלוט-הייסע נעכט— ווען די שטערען זענען געפאַלען איבער אונזערע קעפּ און ס'פערד האָט געפּראַלט אין דער טיפער נאַכט אַריין? אָ—האָ! וואו איז דער ווינט, וואָס האָט געלאָשען די באַקען, דיין פּנים? די ווינטען, וואָס האָבען אונז געטראָגען מיט'ן פערד, שוואַרצע קאָלענדעס איבער'ן שניי, און דערצעלט פון רויטע קוזשניעס, פון שמידען מיט שוואַרצע בלאָז-זעק און ווייסע ציין, ווי עלפען-ביין!

איגנאַש

טריב

פאַרלאָשען...

בראָנקע

פאַרגעסען אין יענע נעכט, וואָס דו ביסט געלעגען אונטער די מויערען פון מיין טאַטענ'ס הויז און אָפּגעוואַרט ביז כ'וועל אויפמאַכען אַ פענסטער, און דיר צושמייכלען! עך, דו, טאָ-פּאָל-מיינער!.. ווי וועסטו קענען חתונה האָבען מיט אַ יודיש מיידעל?.. מיט אַזאַ ווייכע...| צעקראָכענע... כאַ-כאַ-כאַ! וואָס האָט אפשר מורא צו שלאָפען אַליין אין אַ שטוב ביינאַכט... און צו קוקען אין פענסטער אַריין, ווען ס'בליצט?..

איגנאַש

טריב

ניין... כ'וועל נישט חתונה האָבען!..



בראָנקע

ליידענשאַפטליך

אַך, איגנאַש!.. דערמאָן זיך, כ'האָב זיך אַ קעגענגעלאָזט צו דיר אויף אַ שלאַקס-רעגען, דער דונער האָט די ביימער אויס-געהוילט; דער הימעל זיך געשפּאָלטען פון די בליצען, און ס'וואַסער אויף דער רינטשקע איז דענסטמאָל בייזער געווען פאַר דער ווייסעל אין וויאָסנע...

איגנאַש

שווייגט

בראָנקע

די פינסטערע נאַכט!.. דיין אָפּוואַרטען מיך אויף די באַגראָז-טע לאָנקעס... צווישען די סטויגען היי... אין די קאָרנפעלדער... די אויגען האָבען געבליצט... דער אָטעם געשטיקט... עך!.. טאָפּאָל מיינער!.. גראָבט איין איר קאָפּ אין זיין ברוסט. אַ גערויש אויפ'ן הויף. מ'הערט, דאָס אַריינפאָרען פון אַ וואָגען

איגנאַש

באַפּט זיך אויף

דער טאַטע איז געקומען!.. קום!.. כ'וועל דיך אַרויספירען!..

אַ בידע, פּויזע, ברוך, העניך, גיטעלע זומערדיג-אָנגעטון

קלאַראַ

קומט פון שטוב אַקעגען

סקאָצעל קומט! אַ גאַסט!.. צעקושט זיך מיט גיטעלען

גיטעלע

כ'האָב נישט געקענט איינרוען, כ'זאָל נישט אַרויסקומען...

ברוך

מנחם אבל זיין...

גיטעלע

אַזאַ אומגליק!.. אַזאַ ביטערער צ[illegible]רן! שוין גאָר ערגער פון

שלעכטע געשעפטען !..

קלאַראַ

אַ שטיק האַרץ מיר אַרויסגעריסען...

ברוך

די ערד באַקומט תמיד ס'בעסטע חלק...

ר' הענעך

נו, עפּיס שטעהן געבליבען, קינדער, פון פּאָרענט ?.. געהט'ס אין אַ שטוב ווייטער!.. קלאַראַ, זיי האָבען נאָך היינט נישט געהאַט אין זייער מויל!..

קלאַראַ

אַ שטוב פון אַלעם ג'טען!..

גיטעלע

וועניג מיטגעהאַט אויפ'ן וועג, שוועך?.. אָנגעלאָדענט פולע קאָרבען !..

ר' הענעך

יאָ.!. מ'קען טאַקי זאַט זיין פון די נאַשערייען !.. גיטעלע, ברוך, קלאַרא — אַפּ אין שטוב. ר' הענעך אין טיר, וואָס אין דרויסען אַרויס

איגנאַש ?

איגנאַש

קומט אריין

אַ ?

ר' הענעך

דו ביסט געווען אין שטאַל ביים שפּאַנען ?

איגנאַש

ניין...

ר' הענעך

דער קאַסטאַן, וואָס מ'האָט מיר אַרויסגעשיקט אין וואָגען, —



לאָמס דאָך...

איגנאַש

יאָ, אין וויאָסנע זיך אויסגעריסען פון אַקער, און זיך צורעכט געמאַכט אַ פוס...

ר' הענעך

כ'וויים... איז מען נישט אָפּגעהיטען, און מ'שיקט מיר אים אַרויס צום באַן, — כ'זאָל נישט קענען באַלד דערפאָרען אין הויף אַריין?..

איגנאַש

אַ שטאַל פערד, —האָט ער גראָד דעם לאָמען אַרויסגעכאַפּט. און איבער אים געפאַלען ?..

ר' הענעך

אָפּגעגאַנגען אַ וויאָרסט און געבליבען שטיהן: — נישט אַנדערש אויסגעקומען: כאָטש אים אַרויפצולעגען אויפ'ן וואָגען, און זיך אַליין איינשפּאַנען, און אים ברענגען צו פירען.

איגנאַש

אַ מלער, פשוט...

ר' הענעך

קוקט אויפ'ן זייגער

אַ גוטע שעה און מער, —זיך פאַרשפּעטיגט !..

איגנאַש

און דאָ דערווייל די נשמה אויסגעגאַנגען פאַר שרעק; נישט געוואוסט שוין וואָס צו באַקלערען !..

ר' הענעך

יאָ!.. אַ מאַרכה: ס'ביסעל פויערים!.. האָבען געבּרענגט דעם וואָגען אין דער לופטען צו טראָגען!.. פון וואָגעט, איגנאַש, האָט זיך דאָס דערנומען אויפ'ן הויף צו דער צייט ?..

**א י ג נ אַ ש**

אויפגעהאַלטען ביז דו וועסט קומען, מיט'ן אויסצאָלען פאַר היי-שניידען !..

**ר' ה ע נ ע ך**

איינגאַנצען אָפגעקאָשעט ?..

**א י ג נ אַ ש**

די לעצטע פיר אָפגעלעגט, שוין מיט דער נאַכט צוגלייך...

**ר' ה ע נ ע ך**

נישט געבּרויכט ווידער אויפהאַלטען.

**א י ג נ אָ ש**

טאַקי דערפאַר, ווייל ס'איז שוין מער נישטאָ מאָרגען צו טון און כ'האָב געוואוסט: דו בּרויכסט גראָד קומען, האָב איך געקלערט, האָסט אפשר עפּיס צו רעדען אַ וואָרט מיט זיי ?..

**ר' ה ע נ ע ך**

וואָס קען איך האָבּען צו רעדען מיט זיי?.. ס'קומט זיי אַ גרויסען יושר-כּח, פאַר'ן אָפּשטעלען מיך אַהיים !..

**א י ג נ אַ ש**

*רופט אין טיר*

ע-הען! כלאָ-פּ-צי !..

**פ ו י ע ר י ם**

*פּאַקען זיך אריין פון דרויסען*

—דאָבּרי וויעטשור!

—דאָבּרי וויעטשור!

—דאָבּרי וויעטשור !..

**א י ג נ אַ ש**

*זעצט זיך צום טיש, און נעמט זיי אויסצאָלען איינעם נאָכ'ן אַנדערען*

**ב ר ו ך**

*קומט אריין. האַלט אַ גלאָז מילך אין האַנט*



בּאַצאָלט פאַר אַרבּייט?..

**ר' ה ע נ ע ך**

*פאַרטיפט*

א כ—הם..

**ק ל אַ ר אַ**

*קומט אריין מיט אַ גלאָז מילך*

נאַ... הענעך!.. אַ גל : אַרים ; מילך... גלייך פון דער מעלק... נאָך וואַרים!..

**ב ר ו ך**

דאָס איינע איז כאָטש צו באַקומען אויפ'ן הויף, אַ גלאָז מילך.

**ר' ה ע נ ע ך**

מאַ... נישט מער ווי אַ גלאָז מילך, און ס'באַקומט נישט.. בּיטער—גאַל... *נעמט טרינקען*

**ק ל אַ ר א**

גלייך, נאָר געקומען איבער דער שוועל, — שוין איינגעשפּאַנט זיך... מ'קען זיך אויף איגנאַש'ן אויך פאַרלאָזען מיט'ן אויסצאָלען... ר'וועט זיך נישט פאַרטיילען...

**ר' ה ע נ ע ך**

יאָ... סתם זיין דאַרבּיי... וואָס קען שאַטען?..

**ק ל אַ ר אַ**

זיך אָפּפאַרטיגען מיט זיי, גלייך אַריינקומען צום טיש.. מ'מאַכט שוין צורעכט עפּיס עסען!.. *אַ אין שטוב*

**ב ר ו ך**

גוט, גוט...

**ר' ה ע נ ע ך**

*טרינקט די מילך*

אַזוי געוועזן צעטראָגען, ברוך! בּנאמנות, נישט קיין צייט געהאַט מיט דיר איבּערצורעדען אַ וואָרט!..

ברוך

אַ סך צו רעדען נישטאָ שוין איבער וואָס...

ר׳ הענעך

צוגעטאַכט ס׳געשעפט!.. איינגאַנצען?..

ברוך

און ווי פאַרשטעהסטו?..

ר׳ הענעך

און די בעלי חובות?..

ברוך

בעלי חובות...

ר׳ הענעך

דיר שווייגען?..

ברוך

כ׳וועל זיי נישט געבען וואָס כ׳האָב נישט, אַפילו יאָ, — וועלען זיי נעמען?..

ר׳ הענעך

אַ סך שולדיג?..

ברוך

שפּאָר...

ר׳ הענעך

נישט קיין באַ׳טעמ׳טע זאַך...

ברוך

מילא... אַ חדוש?.. ס׳האָט אַזוי לאַנג געג׳גוסס׳ט, כאָטש געווען אַ גיכער טויט... אַ לאַנגע בראָך—האָט זי אַלץ אויפגעגעסען פאַרשלונגען...

ר׳ הענעך

און דיין געלט, וואָס דו האָסט געהאַט שטעקען?..



ברוך

אַביסעל האָט מען געלעבט; אַביסעל — אין די שענק אַוועקגעקומען!..

ר׳ הענעך

נישט געווען מציאה זיין גאָר?.. קיין פּרוטה נישט?..

ברוך

די חובות שוין אַרויף נאָך אייז׳ער כ׳בין אַרויס; באַזעצט, ווי די בינען...

ר׳ הענעך

מילא... אַ קופּע געלט וועסטו קריגען ביי מיר... נאָר וואָס וועט דיר ס׳געלט העלפען?..

ברוך

יאָ, ס׳אַ זאַך, וואָס ס׳איז נישטאָ קיין רפואה צו ג׳איר!..

ר׳ הענעך

יאָ, יאָ!.. פון שורש אויס... פון גרונט-אויס... קוקט זיך אום צו די פויערים, וואָס האָבען פאַר דער צייט אָפּגענומען ס׳געלט באַצאָלט גו, איר האָט שוין פאַר אייער טרחהר באַקומען?..

פויערים

—יאָ!

—יאָ!

—יאָ!

ר׳ הענעך

ס׳איז שפּעט אין דער נאַכט; אויב איר ווילט — קען מען פאַר אייך מאַכען אַנ׳אָרט, איבערצונעכטיגען אין די שטאַלען!..

אַנ׳אַלטער פויער

אָ, ניין... פאַר די פויערים זענען די וועגען פון דעם דאָרף נישט פרעמד!..

ר׳ הענעך

*שטופט אים אריין א פאפירעל*

האָט איר טרינק-געלט, אָדער אָפּפירגעלט, ווי איר ווילט רע-כענט; פאַר׳ן אָפּשטעלען מיך אַהיים !..

פויערים

*מיט א געהויבענע שטימונג פּאַקען זיך ארויס*

—דאָבראַ נאָך!

—דאָבראַ אָך!

—דאָבראַ נאָך!

איגנאַש

*נאָך א ווײַלע*

נו, געריכט עפּיס אין דעם וועג ?..

ר׳ הענעך

יאָ, אין אַזוינע ענינים... מ׳פּאָרט באַגראָבען אַ בר מנן, — באַ-גראָבט מען אים; ס׳האַלט זיך אויף מיט אַ טאָג... אַ שעה... אָבער ר׳בלייבט דאָך נישט לאַנג ליגען... קומט צו קבורה!..

איגנאַש

שוין באַשטאָט ס׳דאָרף ?..

ר׳ הענעך

אַזוי גוט... נישט נאָך מיט אַלעמען... יאָ, געבליבען הענגען אין לופטען... אין לעבעדיגען אינוועטאַרזש...

ברוך

אַז ס׳זאָל אַלץ בלייבען אויפ׳ן אָרט מיט׳ן לעבעדיגען אינוועג-טאַרזש...

ר׳ הענעך

אום-הבּ!.. אַרויס, ווי מ׳געהט און מ׳שטעהט!..

איגנאַש

וויפיל ג״ס מען?



ר׳ הענעך

מ׳גיט..

ברוך

ווענינער וויפיל מ׳האָט געגעבען !..

איגנאַש

מיט אַ סך?..

ר׳ הענעך

עטליכע טויזענט..

איגנאַש

ס׳דאָ־ף איז דאָך היינט אַ מציאה עטליכע טויזענט מער!..

ברוך

אַז ס׳געהט אַזוי?..

ר׳ הענעך

מ׳ווייסט דאָס...

איגנאַש

עטליכע מאָרג זאַמד געמיסטיגט און שוין דאָס יאָר דאַרויף געזייעט, אין דער מיהל פרישע וואַלצען אַריינגעגעבען !..

ר׳ הענעך

נו, יאָ... מ׳ווייסט דאָס...

איגנאַש

ס׳וואַסער׳ל אויף דער דאָלינע געפלאַנטעוועט ס׳זאָל נישט אויפ-גיסען איבער די לאָנקעס... שטאַלען אויפגעפרישט... און דער אינוועטאַרזש רייכער געוואָרען מיט אַנ׳אויסלענדישער דרעש-מאַשין!..

ברוך

מילא, עפּיס אַנ׳עצה?..

ר׳ העניך

און קעלבלעך אונטערגעוואַקסע... פערד...

איגנאַש

פון אַקערס... געשפּאַנען... וואָס נאָך אַלץ דער הויף האָט אויף זיך גענומען?..

ר׳ העניך

מילא, כ׳זאָג נאָך נישט, יאָ!.. טאַקי נישט מסכּים געווען... און ס׳איז ביי מיר אַ קלער...

ברוך

איך וואָלט געזאָגט: יאָ, אַדורכקומען!.. מ׳מוז אַוועקקוקן, דאָרט וואו ס׳געהט אין געלט-זאַכן, בשעת ס׳איז סכּנות נפשות!..

ר׳ העניך

איבעררעדן טאַקי מיט איר... מיט קלאַרען... מילא, אַז ס׳וועט נישט זיין קיין עצה?.. איז כאָטש נאָכ׳ן שניט... מ׳וועט אַראָפּנעמען פון פעלד... נאָכ׳ן נייעם...

איגנאַש

מילא, אויך שענע עטליכע טויזענטער, דער שיוו...

ר׳ העניך

מ׳ברויך זיך באַקלערען... כ׳וועל אַליין גאָר נישט טון אויף דער אייגענער האַנט... גבריאל, מאַניע, שרה׳לע, יאַנוש

גבריאל

ברוך הוא וברוך שמו!.. גיט העניכ׳ן די האַנט שלום-עליכם!..

שרה׳לע

אַ סך שרעק געהאַט, דער זיידע, —וואָס דער פעטער האָט זיך פאַרשפּעטיגט.

ר׳ העניך

אַבי אָנגעקומען בשלום!..



גבריאל

העניך, וואָס איז די מיהל שטעהן געבליבען?.. וואָס הער איך נישט מער ס׳ראָד מאָלען?..

ר׳ העניך

צעבראָכען, טאַטע!..

גבריאל

פאַרזינקען

אויך ס׳ראָד האָט מען אָפּגערופען אַהיים!.. אַ שטיק האָלץ... אַ ראָד, און אויך געשטאָרבען... אַזוי ווי די ביימער, וואָס מ׳האָט אויף זיי געהאָנגען—און אויפגעהערט צו רעדען מיט די צווייגען, אַז מ׳האָט זיי אָפּגעהאַקט. און אַצינד ווידער ס׳ראָד אויפגעהערט צו רעדען, אַז ס׳האָבען זיך אויסגעבראָכען די ציין, אָדער ווי ביי אַ זקן—אַרויסגעפאַלען...

ר׳ העניך

ס׳קומט אויף אַלעם אַ צייט...

גבריאל

צו ביסלעך שטאַרבט אַלץ אָפּ אויפ׳ן הויף, וואָס דערמאָנט אין יענע צייט; צו ביסלעך, — און ס׳וועט באַלד נישט זיין מער קיינער. וואָס זאָל וויסען עפּיס מער צו דערצעהלען, און דער הויף וועט שוין גאָר נישט האָבען מער...

שרה׳לע

און דו, זיידעלע?..

גבריאל

געה אויך אַהיים!.. פויזע איר האָט נישט פאַרשטאַנען ס׳לשון, אייך פרעמד געווען, זאָבער איך האָב אין קריצען פון די ציין געהערט ס׳רעדען פון די מענשען, וואָס מ׳האָט געמאָלען פאַרזייערטוועגען!.. פאַלטער, פאַכטערקע, וויסקראַביק

פאַכטער

אַ גוטע נאַכט געקומען זאָגן אויף תּמיד... מ׳פּאָרט אַיועק...

ר׳ הענעך

שוין?..

פאַכטערקע

צוויי וואָכען, די שיפסקאַרטען ליגען...

פאַכטער

און שיער נישט פאַרברענט...

פאַכטערקע

אַ נס פון הימעל!. דער קליינער הויבט-אָן וויינען ביינאַכט: ער וויל עפּיס! געה איך אַראָפּ אַריינוואַרפען אַ פּאָר שייטלעך האָלץ, און אָנוואַרעמען אַביסעל טיי. מילך. און געה, זיי אַ נביא, אַז מיין שלמזל׳דיגער מאַן, האָט זיי באַהאַלטען אין אַ לופט... פאַרשטעקט פאַר די מייז,—זאָלען דאָס נישט פאַרשלעפּען!..

פאַכטער

וואָלטען שוין ליבער געווען פאַרברענט געוואָרען; כ׳האָב געקלערט אָפּשלעפּען... אַ טאָג, אַ וואָך. און ס׳וועט זיך אפשר בעסערען... דער חולה וועט געזונטער ווערען... און אַזוי וועל איך מיך איינשפּאַרען: זי וויל צו די קינדער – פאָר דיר ?.. און איך וואָלט מיך אָנגעקליבען דאָ אַ ווינקעלע. און אַליין אַוועקגעזעצט אויף אַ זעקעל קאַרטאָפעל... אַ בינטעלע שטרוי, און אַ הויפטעל קרויט צוקאָפּענס...

פאַכטערקע

מ׳האָט דיר געזאָגט אין שטאָט... אַז די שיפסקאַרטען געהען אויס אויף דער אַנדערער וואָך!..

פאַכטער

ען!.. כ׳האָב גאָר נישט געקענט אַרויסגעהן פון שטאַל; כ׳האָב געמאָלקען די רויטע בהמה, די שוואַרצע בהמה, — האָבען זיי אויף מיר געקוקט מיט אַ זעלבע אויגען, פונקט ווי די באָרע קוה אויפ׳ן שוחט, וואָס איז ארויסגעקומען איר שעכטען, און מ׳האָט איר געבונדען, אַ בהמה האָט זיך אויך איר שכל... און נעבעך געוואוסט, כ׳וועל איר נישט מער מעלקען... און געמרי-קעט, ווען כ׳בין אַרויס פון שטאַל, און זיך געזעגענט מיט איר: „זיי געזונט, מיין טייערע בהמה!..—גראָד ווי זי וואָלט זיך געברויכט אָפּקעלבען!..

קלאַראַ, גיטעלע

קומען ביידע אַריין

קלאַראַ

כ׳בין זיך אַריינגעקומען קריגען, נישט מער..

מאַניע

די מומע גיטעלע!.. כאַפּט איר אַרום מיט אַ גדולה

קלאַראַ

זיך אַלע דאָ באַזעצט, און דער טיש אין דרינען וועגט זיך איבער... און ס׳עסען ווערט כסדר קעלטער...

פאַכטערקע

בעל-הבית׳טע קרוין, געזעגענען זיך געקומען!.. אויף באַגינען באַשטעלט מענדעל חזיר מיט די לייבען, גאָרנישט געבליבען שוין מער צו טון!.. ס׳בעטגעוואַנט אַפילו איינגענייט...

פאַכטער

און מ׳וועט שוין מער נישט שלאָפען ווי די איינע נאַכט אויפ׳ן הויף, פאַרטאָגס-רירען אין וועג אַריין...

ר׳ הענעך

גיט אים די האַנט

פאָר לחיים, און בשלום דעם ים אַריבערקומען!

**פאַכטער**

אמן !.. און מ׳זאָל שוין מער נישט דאָרט קריצן אויף איר מיט די ציין...

**גבריאל**

גיט אים די האַנט

פּאָרט, הלואי דאַרטען מנוחה האָבען !.. געזעגענט זיך כסדר

**ר׳ הענעך**

פון פאַרענט שטאַרק פאַרטיפט

יאָ... נישט אומעטום און אויף איינמאָל שלעכט !.. דאָ נישט גוט, און דאָרט בעסער... יאָ, געהט מען איבער.. מ׳טראָגט זיך אי-בער...

**פאַכטער, פאַכטערקע**

אָפּגעזעגענט

אַ גוטע נאַכט!.. אָפּ אין הויף

**גבריאל**

ויצט פאַרזונקען

ווי לאַנג איז, זיין פאָטער דאָ געמאָלקען, און פאַר מיין צייט ... יאָ, און נישט אַוועק, נאָר געשטאָרבען. ענדערט און כ׳בלייבט וואָס אַ טאָג ווייניגער איבער, וואָס זאָל דערמאָנען אין יענע צייט... ס׳שטאַרבט אינגאַנצען אָפּ...

**ר׳ הענעך**

פאַרטיפט

יאָ... יאָ...

**גבריאל**

און ס׳ראָד, ווי לאַנג איז, ס׳האָט נאָך געמאָלען די תבואות פאַר׳ן וואַלד ?.. ווען ס׳לעצטע הויפעל האָט זיך אויפגעקליבען דאָ, און פון חילות געווען אַרומגערינגעלט, ווי לאַנג איז ?.. און ס׳איז געקומען אַ פריץ צו לויפען די הענט און די פיס פאַרבליט, און געפאַלען איבער די שוועל אין זיך געבעטען :

כ׳זאָל אים באַהאַלטען, און מ׳האָט די שטאַלען צעלייגט, די קעלערען פאַרגאָסען מיט וואַסער, די טויערן אַראָפּגענומען !.. און איך האָב אים געהיטען... אין אויווען באַהאַלטען — היינט זענען שוין אַזעלכע אויווענס אויך נישטאָ מער !.. — אים די וואונדען איבערגעבונדען... די ראַנעס געהיילט... אים עסען צו-דערלאַנגט... און נאָכדעם די בעסטע פערד שפּאַנען געלאָזט, אים פאַר אַ יוד איבערגעטון, און אַרויסגעפירט: העט-העט, אי-בער דער גרעניץ... צו אַן׳אַנדערע מדינה... ס׳הערט זיך אַ שאָס. דער אלטער לאָזט זיך אַרונטער אין מיטען דערצעהלען. ס׳ווערט אַ מהומה.

**יאַנוש**

האַלט אים אונטער דערשראָקען.

דעם זיידען געטראָפען !.. שרה׳לע!

**שרה׳לה**

פאַרברעכט די הענט

זיידע !.. זיידע !..

**ברוך**

ס׳פענסטער אָפּענגעלאָזט, טאַטע...

**קלאַראַ**

שפּרינגט פון דער הויט, קורטשעט זיך אינגאַנצען איין

געדס אַוועק, געהט אַוועק פון פענסטער...

**ר׳ הענעך**

דעם לעצטען בוים ביי אונז אַרויסגעריסען און דעם גרעבסטע דעם שטאַרקסטען בוים... כליפּעט.

**איגנאַש**

כאַפּט אַראָפּ די ביקס פון דער וואַנט, צילט פון אָפענעם פענסטער אַרויס.

פאָרהאַנג.

# דריטער אַקט.

מיט אַ צייט שפּעטער.

אין דער אייגענער שטוב.

נאָך האַלבע נאַכט.

טונקעל, דער לאָמפּ ברענט אראָפּגעדרעהט.

אַנוש

זיצט און קוקט אַרײַן אין די לאַווענטען

איגנאַש

געהט אין דרויסען פאַר'ן אויפגעפּראַלטען פענסטער,—הין-און-צוריק, מיט דער ביקס אין האַנט. שטעלט זיך אָפּ ביים פענסטער

יאַנוש, פאַרוואָס געהסטו נישט שלאָפען?..

יאַנוש

און אַז כ'וועל געהן, וועל איך שלאָפען?..

איגנאַש

מ'מאַכט צו די אויגען, שלאָפט מען...

יאַנוש

ווערט דער קאָפּ געשוואָלען!.. יאַ...

איגנאַש

נאַרעלע, איין שעה אויב דו ליגסט... גיסט זיך נישט קיין ריר...
און די ברעמען אַראָפּגעלאָזט...

יאַנוש

שפּרינג איך אַרויס פון בעט, אַ משוגענער — און מ׳ברויך מיך
בינדען מיט שטריק!..

איגנאַש

כ׳ווייס נישט, מיר קלעבען זיך גראָד די ברעמען צו היינטיגע
נאַכט!..

יאַנוש

וואָלסטו זיך צוגעשפּאַרט, אפשר—און איך וואָלט מיך אַוועקגע-
שטעלט אַביסעל אויף דיין אָרט!..

איגנאַש

יאָ... דיר געבען אַ ביקס אין דער האַנט אַריין, וואָלסטו זיך
אפשר אַליין נבך גע׳הרג׳עט מיט איר...

יאַנושן

ס׳איז אָבער קיין חכמה נישט, אַז איך זאָל אַריינגעהן, און דו
וועסט כאַפּען אַ דרימעל... און דאָ, אָ, שטעהט אַלץ אויפגע-
פּראַלט!.. טירען, פענסטער—אָפען!..

איגנאַש

כ׳וואָלט געוואוסט, דו וועסט אויפזיין, אַזוי וואָלט איך מיך עט-
וואָס צוגעשפּאַרט אויפ׳ן שטיין... זיצענדיג...

יאַנוש

גוט. גוט...

איגנאַש

זָבער אַז דו וועסט האַלטען ביי שלאָפענגעהן זאָלסטו מיך אויפ-
וועקען!.. און נישט לאָזען קיפּען דאָ!



אַנוש

כ׳וועל דאָך נישט מאַכען קיין אומגליק מיט מיינע הענט?..

איגנאַש

זעצט זיך אַוועק אויף אַ שטיין אין דרויסען, אַריינגענומען די ביקס אין די אָרעמס,
לאָזט באַלד אַראָפּ ב׳קאָפּ און שלאָפט איין

שרה׳לע

קומט אַריין

כ׳בין שוין געלעגען אין בעט און זיך אָנגעטון; פאַרוואָס
געהסטו נישט שלאָפען, יאַנוש?

יאַנוש

און וואָס ביסטו אויפגעשטאַנען?..

שרה׳לע

כ׳ווייס אַליין נישט; מ׳מאַכט צו די אויגען, שלאָגט עפּיס אין
קאָפּ אַריין, און ס׳וואַרפט פון בעט אַרויס!..

יאַנוש

ס׳ערגסטע פאַר׳ן קראַנקען, אַז ער פאַרלירט די נאַכט, האָט די
נאַכט נישט!..

שרה׳לע

און אַ געזונטען?..

יאַנוש

רעט מען נישט. דאָ זענען אַלע קראַנק, נערוועז, משוגע..

שרה׳לע

און דערצו איז די נאַכט אַזוי גרויס..

יאַנוש

ווי אויף יענעמ׳ס אומגליק!..

שרה׳לע

ס׳וויל גאָר נישט טאָג ווערען!..

יאַנוש

פאַר איינעם, וואָס געהט-אום מיט אַ קראַנקען, איז די נאַכט דריי מאָל אַזוי לאַנג...

שרה׳לע

און זומער דערצו... גאָר קיין נאַכט נישט...

יאַנוש

און ציט זיך לענגער ווי אין טבת!..

שרה׳לע

אַ טאָג, גרויס ווי אַ יאָר!.. אַרום צעהן אין אָוונט, שווימען נאָך שטיקער אויפ׳ן מערב, און אַרום איינ׳ס—רויטפעלט זיך שוין צוריק אויפ׳ן מזרח...

יאַנוש

און די עטליכע שעה, ציען זיך אַזוי לאַנג — אַז, ס׳איז גאָר קיין אויפן נישט איבערצוקומען זיי...

שרה׳לע

פאַרטראַכט

יאָ... איין שעה געדויערט אַמאָל מער ווי אַ גאַנץ יאָר...

יאַנוש

אום — הם...

שרה׳לע

יאַנוש, ביסט, געווען אויפ׳ן גוטען אָרט, מ׳האָט נ׳זיירען אַריינ־געלעגט אין גרוב?..

יאַנוש

אינאיינעם מיט דיר געשטאַנען, דאָך!..

שרה׳לע

ס׳כּנים געשיינט...



יאַנוש

דאָך, אַ געזונטער אַראָפּ אין גרוב. עפּיס קראַנק געווען?..

שרה׳לע

אָפּענגעהאַלטען די אויגען; און ס׳האָט מיר געדוכט, ווי ער קען זיי נישט אָפּרייסען פון מיר...

יאַנוש

דו ביסט אים צום ליבסטען געווען; און מורא געהאַט צו געהן מנחה דאַוונען, דו זאָלסט אַ רגע נישט בלייבען אַליין!..

שרה׳לע

ווער ס׳האָט אים נישט געזעהען מנחה דאַוונען אין וואַלד, און רעדען מיט די ביימער?.. האָט אַוודאי געמוזט קענען זייער לשון!.. זיי האָבען זיך אַזוי צעשאָקעלט, צו זיין דאַוונען!.

יאַנוש

און דאָך נישט געוואוסט, וואָס ס׳טוט זיך אַרום.

שרה׳לע

האָבען אים אפשר דעם צער נישט געוואָלט אָנטון?..

יאַנוש

און אפשר אַראָפּ אין קבר, ער זאָל נישט האָבען גאָר געוואוסט און אין דער לעצטער רגע געמיינט, אַ בלינדע קויל?.. אַ צו פאַל?..

שרה׳לע

געשטאָרבען דורך אַ רגע!.. פויזע האָבען, דוכט זיך, אַליין חרטה. נישט געמיינט דעם זיידען... איגנאַש׳ן...

יאַנוש

אַ־אָפּרוימען!..

שרה׳לע

געהערט, ס׳גייעס האָט צווישען זיך גערעט; און דער גלח האָט

זונטאָג אין דער פאַדאַפּיע געזאָגט: דער אַלטער גבריאל איז געווען „אַנ׳אוטשטשיווער" יוד...

**יאַנוש**

דער העכסטער טאָפּאָל אויף דער פּוילישער ערד!..

**שרה׳לע**

ווער ס׳האָט אים נישט געזעהן, אינאיינעם מיט׳ן אַלטען גלח,— ביידע אַריסגעהן איבער׳ן פעלד; דער גלח, — אַנ׳אַלטער, מיט טריבע אויגען, איינגעבויגען, מיט אַ געל פּנים, אָהן איין צאָן אין מויל; און דער זיידע, —אַזוי הויך, שטאַרק, מיט די לאַנגע, ווייסע באָרד...

**יאַנוש**

היינט שוין ביידע נישטאָ מער!..

**שרה׳לע**

יאָ... אָבער ס׳דאָרף האָט זיי אינאיינעם געזעהען אויפ׳ן פעלד, און האָט געקניט, ביז צו דער ערד געפאַלען, און זיך געבענשט אין זייערע טריט: „ניעך בענדזשע פּאָכוואַלאָני!.."

**יאַנוש**

*פאַרטיפט*

און אַז ס׳דאָרף האָט זיך נישט קריעה געריסען?.. שבעה געזעצט?.. יאָ...

**שרה׳לע**

און שטיל געשוויגען... נישט געקומען צו אים, ווען ער איז נאָך געלעגען אויף דער ערד, און אַראָפּגעבויגען די קעפּ, נאָר אַריינגענומען צו זיך, און שטיל געשוויגען..

**איגנאַש**

*הערט זיך אין דרויסען, אונטער׳ן פענסטער*

ש-ש... איר שלאָפט נאָך אַלץ נישט?..



**יאַנוש**

*פינסטער*

ניין...

**איגנאַש**

מיך לאַנג געלאָזט שלאָפען?..

**יאַנוש**

אַ שפּאָרע ווײַלע...

**איגנאַש**

ס׳אַ—פייכטקייט... דער טוי אַפילו צענעמט די ביינער...

**שרה׳לע**

אַמאָל זיך דערקוויקט מיט אים!..

**איגנאַש**

נישט קרום געווען, מ׳זאָל פאַרמאַכען די לאָדענס, און געהן שלאָפען... ס׳איז שוין באַלד טאָג!..

**שרה׳לע**

גלייכער: ס׳ברענט אַזוי אַ פענסטער אין דער נאַכט אַריין!..

**יאַנוש**

אַז מ׳געהט רעדען אַ סוד, איז גלייכער, מ׳לאָזט אָפען די טיר איז מען זיכער, ס׳שטעהט קיינער נישט אונטער איר, וואָס הערט זיך אונטער!..

**שרה׳לע**

אפשר דעם גאַנצען הויף לאָזען לייכטען; אין אַלע פענסטער מאַכען ליכטיג, אילימינירען! און מ׳זאָל מיינען: עס איז אַ יום-טוב, דער שלאָס באָדט זיך אין פאַרגעניגען, אין ימים-טובים, און אַז ס׳וועלען פרעמדע פאַרבייפאָרען, און אָנשטרענגען צו הערען שפּילען, אויב מ׳טאַנצט נישט דאָ.

**איגנאַש**

ביטער

כאַ-כאַ...

**יאַנוש**

אין מיטען דער האַלבער נאַכט!.. ערגיץ אין אַ לאַנד, וואָס הייסט: פוילען—שטעהט באַלויכטען אַ שלאָס, צווישען פינסטערע וועלדער, און די מענשען דרעהען זיך אַרום אין אים, נישט קיין לעבעדיגע, ליימענע גולם׳ס!.. פאָרצילייגע פוכען!.. וועל־כע, מ׳ברויך נישט מער ווי אַ ווינטעלע, אַ ערויש — און זיי וועלען אָנהויבען טאַנצען, שפרינגען, דרעהען זיך, משוגע. בסוף׳גצטון.

**ר׳ הענעך, ברוך**

קומען ביידע ארײַן פון דער קאַנטאָר, אין די שלאָפּראָקען, לאטשען אויף די פיס

**ר׳ הענעך**

האלט אַ ברענענדיג ליכט אין דער האַנט

ס׳ליגט נאָך נישט אין די בעטען?..

**ברוך**

כ׳האָב געמיינט: דאָס וועט שוין באַלד אויפשטעהן, און אַרויס־געהן אַקעגען נ׳טאָג באַגריסען.

**יאַנוש**

מ׳געהט נישט פריער שלאָפען, ביז ס׳ווערט ליכטיג אויפ׳ן הי־מעל!.. אָפּ

**שרה׳לע**

מ׳געהט שלאָפען אויך... אין טיר שוין אַ גוטע נאַכט!.. אָפּ

**איגנאַש**

וואָס עפּיס אַזוי לאַנג זיך פאַרגעסען אין קאַנטאָר?..

**ר׳ הענעך**

גע׳חשבנ׳ט...



**ברוך**

דער חשבון איז צדק, נאָר ס׳געלט איז געשעדיגט!..

**ר׳ הענעך**

אַ פאַרמעגען אָפּצונעמען—אין פרעמדע הענט...

**איגנאַש**

צ׳גאַלטע געשיכטע...

**ברוך**

כ׳ווייס גאָר נישט, ס׳אַראַ ווירטשאַפט מ׳האָט דאָ געפירט, אַ בעל-הבתישקייט!

**ר׳ הענעך**

דו ביסט שוין אויסגעטון!.. איטליכעס געשעפט, אַז ס׳שטעהט אויף די פיס—זענען די חובות קראַנט, געוואויגענע רענדלען!..

**ברוך**

געברוילט איינציען, ס׳האָט זיך אָנגעהויבען!..

**ר׳ הענעך**

אַ חלק: מער, ווייניגער?.. וואָס קומט אַרויס?.. אַ געשעפט, אַז ס׳הויבט-אָן געהן מיט דער פוטער אַראָפּ, זענען די חובות צ־פּ־געפּאָרע!..

**ברוך**

צום טויט!

**איגנאַש**

קומט אונטער צום פענסטער

נישט געהן שלאָפען הייגט?.. נאָר אַזוי אַריינקלערען אין דער נאַכט!

**ברוך**

קרעכליך

נישט, חלילה, וועמען אָוועקצוברענגען!..

עס הערט זיך אַ מריקען פון אַ קוה, באַלד—פון מערערע בהמות אויף אַמאָל, מיט אַ בייזען

בילען פון אַ חורבן

**ר׳ הענעך**

*דערשראָקען*

ס׳איז עמיץ ביי די שטאַלען!..

**איגנאַש**

*כאַפּט די ביקס*

כ׳גײה אַרונטער זעהן... *פּויזע*

**מאַניע**

*קומט אַרײַנצולויפען פון בעט אַרויס*

טאַטעלו !.. טאַטעלו!..

**ר׳ הענעך**

וואָס אַזוינ׳ס, טאָכטער-לעבן?..

**מאַניע**

*טוליעט זיך*

כ׳האָב מו--רא !..

**ר׳ הענעך**

פּאַר וועמען, טאָכטערשי, האָסטו מורא?..

**מאַניע**

ס׳האָט עמיץ אַרײנגעקוקט אין פענסטער!

**ר׳ הענעך**

*קוקט פאַרצווייפעלט אויף ברוך*

וואָרט!.. איגנאַש קומט צו, וועט ער גלייך צוגעהן זעהן!.. *ס׳פּריקען שטילע זיך אָפּ*

**ברוך**

*שווער*

כ׳וואָלט נישט געווען דאָ, וואָלט איך׳ס נישט געגלויבט... אַ רײן



גהינם...

**איגנאַש**

*קומט אָן צום פענסטער*

מ׳זעהט נישט גאָר?..

**ר׳ הענעך**

און כ׳מאַניע האָט געזעהן אַ פּנים אין פענסטער!.

**מאַניע**

מיט אַ באָרד!.

**איגנאַש**

ס׳חלומ׳ט איר דער זיידע, מסתמא...

**מאַניע**

יאָ.. יאָ... דער זיידע...

**ברוך**

און וואָס האָט געקענט זיין ס׳געשריי?..

**איגנאַש**

*הויבט מיט די אַקסלען*

איבערגעשראָקען אפשר?..

**ר׳ הענעך**

נישט מער?..

**איגנאַש**

כ׳זעה נישט מער!..

**ר׳ הענעך**

גוט אַרומגעקוקט?..

**איגנאַש**

אַלע פלעטער אַדורכגעטאַפּט !..

ר׳ העניך

נישט אמאָל דיך ערגיץ וואו פאַרשטעקט, ווער?

איגנאַש

ברויך מען היטען, טאַקי נישט שלאָפען.

ברוך

אַ שמירה-צעטעל...

ר׳ העניך

ס׳זאָל נאָר זיין פאַר אַ רפואה... פויזע און דו א־גנאַש, ועסט אויספזיין ביז טאָג?..

איגנאַש

שוין נענטער ווי ווייטער.. באַלד טאָג...

ר׳ העניך

אך א ווײלע

קם אַריין, מאַניע, וועסט זיך לעגען מיט—מ׳ר אין בעט אַריין און נישט קוקען אין פענסטער, וועסטו נישט קיין מורא האָבען!

דרעהט ארונטער די לאָמפ, און געהען אָפ: ר׳ העניך, מאַניע, ברוך

גנאַש

שטעהט צוגעשפארט, די ביקס אריינגענומען צווישען די הענט

בראָ.,ע

קומט־אָן אויטערין פענסטער, שטיל:

איגנאַש!..

איגנאַש

דרימעלט

בראָנקע

זעלבער

איגנאַש!..



איגנאַש

רעקט זיך איבער אומרוהיג

אַ ?.. אַזוי טיף אין דער נאַכט?..

בראָנקע

פאַרכאַפט

אַרויסגע׳גנב׳עט זיך, אָפען געלאָזט ס׳פענסטער... און איבערגע-לאָזט אַ צעטעלע: זיך אַריינגעוואָרפען אין וואַסער... קריכט אדורך מיט זאַכען

איגנאַש

און דאָ וואָס האָסטו מיט זיך, אַ?..

בראָנקע

וואָס כ׳האָב נויטיג געהאַט...

איגנאַש

און וואו וועל איך דיך אַהינטון?.. וואו וועל איך דיך באַהאַל-טען?.. דער טאָג וועט נאָר אויפמאַכען די אויגען—וועט זיך שוין ס׳גוואַלד טראָגען איבער די פעלדער...

בראָנקע

זאָלען זיי זוכען אַ שלאַד אין וואַסער!.. געלאָזט שטעהן אַ פּאָר שיך אויף דער דאָלינע, אונטען... און פאַרלעגען נעצען... וולאָ-קען, און מיך וועלען אַרויסציען!..

איגנאַש

זאָלען זיך נאָר נישט כאַפּען: אַז דו האָסט זיי אָפּ ענאַרט און דיך זוכען ערגעץ-אַנדערש; וואָרום ס׳דאָרף ווייסט גוט, דו ביסט נישט גלייכגילטיג צו מיר, און אַז די אַלע יסורים, זענען אויך דיינע יסורים. ברויך מען נאָך מער?..

בראָנקע

און דערפאַר, וועלען זיי מיינען, איך האָב מיך אומגעבּרענגט... אין וואַסער אַריינגעוואָרפען... און גראָד, וואו ס׳איז טיף...

כ׳האָב זיי טאַקי אַזוי געשריבען דאָרט אין צעטעל: „איר האָט נישט זיי געטון, נאָר—מיר!..״ וואָרום, אויב נישט דו, מיינסטו, וואָלט איך מיך נישט געווען אומגעברענגט?..

**אי ג נ אַ ש**

וואָרום כ׳ווייס, וואו איך וועל זיין?.. און ס׳וועט מיר אויסקומען צו געהן פון דאַנען?..

**ב ר אָ נ ק ע**

וואו דו וועסט זיין, און וואו ס׳וועט דיר אויסקומען צו געהן, וויל איך מיטגעהן, און מיט דיר זיין!..

**אי ג נ אַ ש**

דיר זענען פרעמד אונזערע מנהגים, שבתים און ימים-טובים!.. אַ שווער לעבען ביי אונז... און זאָלסט זיך פריער גוט באַקלערען...

**ב ר אָ נ ק ע**

זאָל דאָרט רעגענען מיט שטיינער איבער׳ן קאָפּ, יאָ, די ערד שפּייען מיט פייער...

**אי ג נ אַ ש**

דו געהסט אַרויס פון אַ שטאַרק בנין, פון אַ גרויסער, שטאַרקער שיף, און זיך לאָזען אויף אַ קליין שיפעלע, מיט שפּאַלטען אַ סך... צולעכערט...

**ב ר אָ נ ק ע**

העננט זיך אָן אין אים

וועל איך אונטערגעהן מיט דיר, אויף דיין האַלדז... מיט דיר אונטערגעהן!..

**אי ג נ אַ ש**

אַצינד, יאָ: דו ביסט פאַר׳שכור׳ט, שיסען אַרויס אַזעלכע פלאַמען און ס׳דרעהען זיך פייערדיגע רעדער פאַר די אויגען; אָבער שפּעטער, אַז דו וועסט זיך אויסניכטערען, מיין בלאָנד-



קאָפּ, און ס׳וועט אַרויסקומען דאָס גרויע שטיקעל הימעל— אַזוי וועסטו גלייך דערפילען ווי שווערע שטריק בינדען דיך, ס׳לייב איז געפרענטעוועט!.. דו קענסט זיך נישט רירען, געפינסט זיך אין אַ תפיסה!..

**ב ר אָ נ ק ע**

וויל איך דיך אַרויסנעמען פון דער תפיסה.

**אי ג נ אַ ש**

אין דיין טאַטענ׳ס שטוב איז פאַר מיר קיין תפיסה נישט?..

**ב ר אָ נ ק ע**

ניין, נישט אין זיין שטוב... נישט צו די בילדער פון די ווענט דאָרט, נאָר ווייט דיך אַרויסנעמען איבער די גרעניצען פון דער מדינה, אונטער פרעמדע הימלען... און די פרעמד מאַכט קיין חלוק נישט... זי קוקט נישט קיינעם אין די אויגען אַריין...

**אי ג נ אַ ש**

און די בענקשאַפט? שענער קאָפּ! און די בענקשאַפט צו דעם לאַנד?.. מיר אַליין ווערט ס׳האַרץ צעריסען, אַז כ׳שפּיר: ס׳וועט קומען אַ צייט און כ׳וועל ברויכען שלאָפען געהן עדגיץ אין אַ שטאָט, צווישען ענגע געדיכטע מויערען, און נישט זעהן מער די זון אונטערגעהן אַזוי פייערדיג-רויט אויפ׳ן פוילישען האָריזאָנט!.. און כ׳וועל זיך מער נישט לאָזען פראַלען אויפ׳ן פערד, צווישען די רויטע געאַקערטע פעלדער!..

**ב ר אָ נ ק ע**

ס׳איז פאַראַן אָבער, אַ לאַנד, אַמעריקע!.. גרויסע לאַנקעס זענען דאָרט און אונטער טיף-בלויע הימלען ברענען זיי; הויכע גראָזען ווי די ביימער, און געדיכטע... און מיילען ווייט ציען זיי זיך, פערציג טעג און פערציג נעכט לויפט דאָס פערד אָהין אָפּרוהע, און מ׳זעהט קיין ישוב נישט!.. ביז מ׳קומט אין אַ דאָרף צווישען רויטע מענשען... רויט ווי קופּער

די לייבער, ברענען אונטער די שטראַלען פון ר זון !..

**א י ג נ אַ ש**

פרעריעס... אָ...

**ב ר אָ נ ק ע**

און די ווילדע לאָנקעס וועלען זיין אינזער געלעגער... אויף זיי זיך אַרומטרייבען די גאַנצע טעג אויף ווילדע פערד... אויף דאָרט, מיין דאָמב, פאַרגעהט די זון צווישען פלאַמען!.. און די נעכט קען מען ערשט דערקענען אין די וועלדער!.. אַז מ׳קומט אַריין אין מיטען העלען טאָג אין וואַלד, און גישט אַרומטרייבען זיך מיט קיין האָזען, פיקסען, ווילדע הירשען, נאָר מיט לייבען... מיט׳ן אַמעריקאַנער לייב!.. און פון זיין פלייש עסען... פון די פעל געהן אָנגעטון!..

**א י ג נ אַ ש**

גוט!.. איך בין פון קיינעם נישט, דו ביסט פון קיינעם נישט... און מ׳געהט צו קיינעם נישט... צו דער נאַטור! נאַטור-קינדער!.. פירען אַ לעבען, ווי אונזערע זיידעס האָבען געפירט, ווען זיי זענען נאָך נישט געווען איינגעשפאַנט אין די וועגען פון באַזונדערע פעלקער, נאָר האַלב-ווילדע שבטים זיך אַרומגעטרי-בען, מיט טויזענטער יאָרען צוריק! צו דער נאַטור!..

**ב ר אָ נ ק ע**

נעמט דאָס פעקעל אויף די פלייצעס

און אַ צינד באַגלייט-זשע מיך אַרויס צום וועג; ביז כ׳וועל אָנקומען אויף אים— וועט דער־ווייל טאָג ווערען, און שוין אַליין קענען אַוועקגעהן אין שטאָט אַריין, און דיך דאָרט אָפוואַרטען, ביז דו וועסט אַרויסקומען...

**א י ג נ אַ ש**

יאָ... און פון שטאָט צום ים... אויף אַ שיף אַוועק... אויף די פרעריעס פון אַמעריקע, וואו פערציג טעג און פערציג נעכט לויפט ס׳פערד אָהן אָפרוה אין דער טיפקייט ביז מ׳טרעפט אַ דאָרף. דאָרטען וועלען מיר זיך אַרומטרייבען !.. יאָ, ביז די



היצען וועלען אויף אונז פאַרברענען די מלבושים, די רעגענס אָפשיילען, אונזערע לייבער—ווערען קיפער-רויט און גלאַנ-צען... אַרומגעהן אין פעל אָנגעטון, חיות שיסען און זייער פלייש עסען... צוריק צו דער נאַטור !.. אָפּ מיט איר

**ש ר ה׳ ל ע**

קומט אַ ווילע שפעטער אַריין, באָרוויס, צעלאָזט די האָר, שטעלט זיך אַוועק, הויבט-אָן שטיל צו וויינען

**י אַ נ ו ש**

שטעקט אַרײַן נ׳קאָפּ

שרה׳לע, דו ביסט גאָר דאָ ?

**ש ר ה׳ ל ע**

וויינט ווי פריער

**י אַ נ ו ש**

וואָס וויינסטו ?

**ש ר ה׳ ל ע**

ס׳איז מיר באַנג...

**י אַ נ ו ש**

וויינסטו ?..

**ש ר ה׳ ל ע**

ס׳איז מיר אַזוי באַנג, אַז כ׳געה אַריין אין זיידען׳ס שטוב— פאַלט אויף מיר אַנ׳אימה... יאַנוש, כ׳האָב קיינמאָל נישט גע-וואוסט, אַז כ׳בין אַ יתומה, דער זיידע איז מיר געווען אַ טאַ-טע, ער איז מיר געווען אַ מאַמע,—כ׳האָב קיינמאָל נישט געוואוסט ביי זיין לעבען, כ׳בין אַ יתומה !..

**י אַ נ ו ש**

שאָקעלט טרויעריג מיט׳ן קאָפּ

יאָ... יאָ...

**שרה׳לע**

קיינעם האָט מען אים נישט אַזוי צוגענומען, ווי מיר... איך האָב אָפטמאָל גע׳חלום׳ט פון טאַטע-מאַמע, נאָר זיי האָבען מיר קיינמאָל נישט געפעלט; איך האָב מיך נאָר געקענט פאַרטראַכטען איבער זיי, ווי איבער אַ זאַך וואָס אין חלום...

**יאַנוש**

*זיי פריער*

יאָ... יאָ...

**שרה׳לע**

איינמאָל האָט ער מיך מיטגענומען אין שטאָט אויף קבר-אבות, און אָנגעוויזען: דאָ ליגען די ביינער פון דיינע עלטערען. איך האָב שטומערהייט געקוקט אויף די בערגלעך,—כ׳האָב געפילט: די קניה ברעכען זיך אונטער מיר, כ׳לאָז מיך אַראָפּ צו דער ערד, מיינע הענט נעמען אַרום דעם קאַלטען שטיין און ס׳האָט מיר אויסגעוויזען: אַ וואַרימער רויך שלאָגט אַרויס פון אינווייניג...

**יאַנוש**

און דאָרטען ליגט ער אַצינד אויך, דער זיידע.

**שרה׳לע**

*פאַרטראַכט*

עפּיס האָט מיך דאַן צוגעבונדען צו יענעם אָרט. אַ געפיל האָט זיך אויפגעוועקט, אַ געפיל, וואָס איז מיר ביז דענסטמאָל געווען פרעמד; כ׳האָב מיך געפילט עפּעס גרעסער, כ׳האָב מיט איינמאָל געפונען דעם שורש פון מיין אָפּשטאַמונג. כ׳האָב איבערגעלעבט עפּעס זיסע וועהטאָגען, און בין אַוועק גאָר אַנ׳אַנדערע...

**יאַנוש**

*שטויגט*

**שרה׳לע**

*זיי פריער*



און אַז דער זיידע וועט שטאַרבען, האָב איך מיר געטראַכט — ס׳וועט מיר ווערען באַנג,—וועל איך אויפשטעהן פאַרטאָגס, אוועקגעהן מיט׳ן וואַלד, אָנקומען אין יענער שטאָט, און זיך דערפרעגען צום גוטען אָרט, זיך אַוועקזעצען נעבען יענע קברים, אויסגעטון פון דער גאַנצער וועלט, און שוין אויף אייביג דאָרטען פאַרבלייבען, אַ בית-הקברות-קינד פאַרבלייבען.

**יאַנוש**

ניין, שרה׳לע, דו וועסט נישט אַהינגעהן!.. מיט מיר וועסטו זיין! אַמאָל, ווען דו ביסט נאָך גאַנץ יונגעטשקע געווען, האָסט זיך געשפּילט אויפ׳ן פעלד, געריסען די „בראַטקעס״,—דענסטמאָל בין איך שוין געווען נאָנט פון דיר. און איך האָב מיך געיאָגט נאָך דיר, ווי נאָך אַ קליין, ווייס זומער-פייגעלע, מיט ווייסע פליגעלעך...

**שרה׳לע**

*רוקט זיך נענטער צו צו אים*

יאַנוש, האָסט מיך ליב?...

**יאַנוש**

ווען דו ביסט אַ קינד געווען,—איז דיר דער זיידע אַ מאַמע געווען, און ווי אַ קעצעל דיר די אויגען אויסגעלעקט; היינט ביסטו גרויס, שוין אַ רייפער עפּעל, וואָס רייסט זיך אַליין פון צווייג... אין דיינע יאָרען וועקט זיך שוין עפּעס אַזעלכעס, וואָס דו הויבסט אַליין נישט אָן צו וויסען דערפון... זאָג, שרה׳לע, צי קענסטו שטענדיג שלאָפען ביינאַכט? און ווערסט נישט אַמאָל פאַר׳חלום׳ט, קוקסט אין הימעל אַריין, באַקומסט ליב די זון, די לבנה, און אַפילו די שוואַרצע שאָטענ׳ס?

**שרה׳לע**

*האַלזט אים אַרום*

יאַנוש, ווי דו פאַרשטעהסט מיך!

**יאַנוש**

דו געהסט אַרויס אין אָווענט אויפ׳ן פעלד, ווילסט קיינעם נישט

באַגעגענען, זוכסט אַליין מיט זיך צו זיין, טרעטסט אויף די גראָזען, דער טוי וואַשט דיר ס'פּנים, פון וואַלד גערט אַרויס די דעמערונג,—זי נעמט דיך אַריין אין זיך, באַזאַלט דיך, דו צעשווימסט, דו ווערסט ווי אַ חלום, אַקילער א'מזיכטבאַרער פלעק, אַ וואָלקענדער..

שרה'לע

הי פריער לאַסקאַווע

יאַנוש!.. יאַנוש!..

יאַנוש

דו ביסט דאַן איבערגעוועלטיגט פון וואונדערבאַרע געפילען... דו זאַפסט איין אין זיך די אַלע קלאַנגען, די ווידער-קולות, דאָס עכאָ, וואָס פון טיפעניש פון אַלע קוואַלען; נעמסט דיך אָן מיט די אַלע ריחות, מיט יענעם וואונדערבאַרען אַראָמאַט פון די בלומען, גראָזען, קרייטעכצער, אַז ס'דוכט זיך דיר: דו אַליין ביסט אויך אַזאַ בלום, די ברויכסט דעם טוי, ער זאָל דיר וואַשען נ'קאָפּ, וואַשען די האָר, די אויגען!

שרה'לע

הי פריער

יאַנוש, ווי דו פאַרשטעהסט מיך!..

יאַנוש

און אַמאָל ווערסטו אויך ווילד, און עס ווילט זיך דיר אַראָפּ-וואַרפען פון זיך אַלץ, און אויסמישען זיך מיט אַלעם. זיך לאָזען פריי נ'יס'ן שטראָם!.. אַזוי ווי אַ סאַרנע לויפען איבער די פעלדער, ווי אַ באָטשאַן אַדורכשניידען די לופט, ווי אַ וועוווערקע היפען צווישען די ביימער, און ווי אַ פיש אַדורכשניידען ס'וואַסער...

שרה'לע

הי פריער



יאַנוש, מיין איינציגער און געטרייער!

יאַנוש

דאָס איז די ליבע, שרה'לע, דער פרילינג פון יונגע נשמות! דאָס קען דיך אין איין רגע מאַכען פרעהליך, וואונדערבאַר פרעהליך און זאָרגלאָז, און לייכט, און שפּילענדיג,— און באַלד ווידער אַזוי אומעטיג, אַז דו זאָלסט זיך צעוויינען פון דער העלער הויט, גראָד ווי דיין מאַמע זאָל דיר האָבען אין יענעם טאָג געשטאָרבען. שרה'לע, ס'איז די ליבע, די ליבע!..

שרה'לע

בעט זיך קינדעריש-זיס

יאַנוש, האָסט מיך ליב?..

יאַנוש

יאָ... כ'האָב דיך ליב... ביסט אַצינד ביי מיר... דער זיידע איז פון דיר אַוועק, נאָר דו ביסט דאָך נישט אַליין געבליבען. שרה'לע, דער זיידע האָט דיך נאָר אויף אַ ווייליקע געהאַל-טען ביי זיך, דיך גרויס דערצויגען, כדי דו זאָלסט דערנאָך אַוועקפליען פון אים, און קומען צו מיר... אָך, שרה'לע, איך בין איצט דיין זיידע, דיין מאַמע... דו ברויכסט זיך נישט איצט בלויז פרעהען מיט מיר, נאָר אויך ליידען מיט מיר, און פילען אַ טעם פון גליק דורך שווערע ליידען, דורך יסורים... שרה'לע, אַז מ'האָט ליב, לייכטען פון די שווערסטע ליידען — די שענ-סטע האָפנונגען אַרויס... ס'זענען נישטאָ קיין ליידען, נישטאָ קיין יסורים... און וואָס מער, ס'דוכט זיך דיר—דו ליידסט, — לייכט אַלץ מער די וועלט פון ים אַרויס,—אַ העלע, אַ קלאָרע, אַ ליכ-טיגע... ס'איז די ליבע... מיט מיר, שרה'לע, קום, און אַלע צווייפלען, אַלע רעטענישען, נעבעלהאַפטע שטימונגען זענען אויפגעלעזט,—אַלע ספקות האָבען באַקומען זייער באַשייד... ס'איז די ליבע, די ליבע... רעשׁ אָפּ מיט איר

קלאַראַ, גיטעלע

קומען ביידע אריין אין די גאַלט-קלאַדער

קלאַראַ

נו? קען זיך אויסמאָלען אַ מענש — די שרעק?.. אַזעלכער וואָס איז נישט דערין?.. אַזוי ווי אין אַ הינער-פּלעט דאָ!.. נישט מ׳שלאָפט, נישט מ׳איז אויף, ס׳אַ מאַטערניש...

גיטעלע

טוליעט זיך אין שאַל

אַ פינסטערע אימה... פאַר׳ן פענסטער ער ברויך דאָ ערגעץ אַרומגעהן און היטען, ניין?..

קלאַראַ

ער היט און ס׳האַרץ שרעקט; היט, מ׳איז דאָך נישט מער ווי אַ מענש?.. און מ׳קען זיך מיט אַלעם אַזוי דערהיטען? מ׳פּעלט מיט׳ן אויג... אַ טריט... נו? אין דרויסען האָט מען אַ שומר אַוועקגעשטעלט, אָבער אין האַרץ קען מען קיינעם נישט אַריינשטעלען...

גיטעלע

כ׳זאָל געווען וויסען? אויס וועלט דאָ ביי אייך!..

קלאַראַ

אַזוי אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט; כ׳ברויך דאָך נישט זאָגען?.. אַז מ׳שלאָפט איין אויף אַ מינוט, זעהט אויס: מ׳איז זיך מפקיר... און אַז מ׳שטעהט-אויף, איז מען אַזוי ווי ניי געבוירען...

גיטעלע

מיט אַ קרעכץ

אַך!..

קלאַראַ

אין דרויסען שטעהט אַ וועכטער, אַזוי ווי אין אַ מלחמה-צייט...

גיטעלע

אַזוי ווי פאַר אַ תפיסה, אַ געפענגעניש...



קלאַראַ

און ביים מינדסטען קלאַפּ — געוואַלד! אַ האָרך, אַ שאָרך... און ס׳האַרץ גיט זיך שוין אַ צאַפּל: אויב דער רויך דערוואַרגט שוין נישט ווי מיט אַ שטריק ביים האַלדז? און די פלאַמען וויקלען זיך נישט אַרום די ווענט—אַז ס׳זאָל שוין מער נישט זיין וואו-אַרומעט מיט׳ן לעבען צו אַנטלויפען? און מ׳זאָל ברויכען פאַרברענט ווערען ווי הינער אין אַ שטייג?..

גיטעלע

אַ מדבר, אַ הוילע מדבר, וואָס כ׳קען דאָ אָפּטון, אַז ס׳זאָל קיין האָן נישט קרעהען!

קלאַראַ

און וויפיל כ׳אַרבייט מיט אים אַרום — מ׳זאָל אַרויס, און ער רירט זיך נישט פון אָרט, אזוי ווי אַ שטיין!

גיטעלע

יאָ... יאָ...

קלאַראַ

כ׳זעה אַ פייער, פונקט: אַ גזלן כ׳וואָלט געזעהן. כ׳האָב מורא צו קוקען!.. כ׳שטעה זיי דריי איילען פון דער ווייטענס...

גיטעלע

יאָ, יאָ...

קלאַראַ

דעם אַלטען אַוועקגעברענגט... און ס׳קינד, אויף וואָס וואַרט ער נאָך?..

גיטעלע

מסתמא, אַ זאַך דערביי...

קלאַראַ

פאַרוויינט

כ׳ווייס, ס׳קינד איז אים אַ סך אָנגעגאַנגען, יאָ!..

ג י ט ע ל ע

דאָס זאָגסטו שוין נישט גלייך !.. זייט איך קען דעם שווער האָט ער זיך דאָ ערשט אַ סך מער געעלטערט, ווי פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס כ׳קען אים !.. ווי לאַנג : האָט ער נאָך אַ שוואַרצע באָרד געהאַט?.. קיין איין גרויע האָר, און אַצינד? על-טערט זיך מיט איטליכן... פון שעה צו שעה...

ק ל אַ ר אַ

אַז כ׳געה אַרויס פאַר׳ן טיר, און כ׳זעה: דאָס וואַסער׳ל,—צע-געהט אין מיר ס׳האַרץ !.. כ׳קום אַריין אין שטוב, און כ׳זעה דאָס בעטעלע,—עס שטעהט נאָך אַלץ אַזוי פאַרבעט פון דענסט-מאָל, און מ׳האָט עס שוין מער נישט געברויכט צוצוואַרפען... דאָס ווייסע ציכעלע, דאָס קישעלע איבערגעצויגען... ס׳פעלכעל אויף דער ערד... ס׳ביקסעל אויף דער וואַנט... זיין רייטוועגע-לע... צעכליפעט זיך

ג י ט ע ל ע

מ׳טאָר דאָס גאָר אין זין נישט האָבען!..

ק ל אַ ר אַ

און כ׳לאָז אַראָפ די ברעמען, שטעהט מיר ס׳קינד פאַר די אוי-גען, ווי עס שטרעקט צו מיר די הענטלעך אויס, און חלש׳ט : מאַמעלו... מאַמעלו...

ר׳ ה ע נ ע ך

קומט אריין אין נאכט-שלאָפראָק

פאַרוואָס שלאָפט איר נישט ?..

ק ל אַ ר אַ

פאַרוואָס שלאָפסטו נישט?

ר׳ ה ע נ ע ך

איך האָב מיך שפעט געלעגט, קען איך נישט איינשלאָפען !

ק ל אַ ר אַ

און איך האָב מיך פריה געלעגט,—בין איך פריה אויפגעשטאַנען!



ר׳ ה ע נ ע ך

נאַרסטו מיך נישט?

ק ל אַ ר אַ

און דו נאַרסט מיך נישט?

ר׳ ה ע נ ע ך

ניין... זיך פאַרקוקט אין די ביכער... אונטערגעפירט אַ שטיקעל סך-הכל !..

ק ל אַ ר אַ

אָ... מ׳ווערט אַזוי לאַנג מישען ס׳בוך, ביז... די נשמה ווערט אַרויס, און ס׳ווערט נישט האָבען מער ווער צו מישען. איך וועל נישט אַזוי לאַנג וואַרטען... ניין !.. וואָס האָב איך דאָ, איינע אַליין,—אָהן פיצעל קינד, אין דער דאָזיגער וויסטעניש?. ס׳אַ וויסטעניש מיר געוואָרען!.. גיט מיר ס׳קינד אָפ, וועל איך ליידען מיט אייך !..

ג י ט ע ל ע

ס׳אַנ׳עולה טאַקי...

ר׳ ה ע נ ע ך

באַטריבט

אָ... וועניג נאָך פון דרויסען, מאַכט זיך אַ מכה פון אינוועניג... און די מכה—ווערט שוין צום איבריגען צו-לעגען...

ג י ט ע ל ע

שווער, איר ברויכט זי אַביסעל אַרויסשיקען פון הויף!.. ס׳איז דאָך איר׳ס אויך אַ רחמנות!

ר׳ ה ע נ ע ך

מטשטש

אַדרבא...

ק ל אַ ר אַ

און ווי אַזוי רירט מען זיך?. ס׳איז דאָ אַלץ אַזוי ווי איינגע-

פרוירען !.. כ׳וואָלט באַשטאַנען, כ׳זאָל אַוועק, און ס׳זאָל מיר אַביסעל אַרויס פון קאָפּ, נו ?

**גיטעלע**

אַ רפואה געווען...

**קלאַראַ**

וואָרום דער קאָפּ שפּאַלט זיך מיר... ס׳שווינדעלט מיר פאַר די אויגען שוין... כ׳געה אָפּ אַ פּאָר טריט, מוז איך מיך אָנהאַלטען אין עפּעס, כ׳זאָל נישט אומפאַלען. כ׳ברויך אַ סך קוקען ?.. כ׳נעם אַ שפּיגעל אין דער האַנט אַריין, זעה איך אַ פּנים, — געל ווי געשלאָגען וואַקס, קיין טראָפּען בלוט נישטאָ דערין.

**ר׳ הענעך**

ווער זאָגט דיר אַנדערש?.. עפּיס אַמאָל געווען אַ רייד מכח פאָרען ?..

**קלאַראַ**

כ׳וועל פאָרען, יאָ; נישט ביי מיין לעבען... נאָכ׳ן טויט... מ׳וועט מיך אַרויסטראָגען... מ׳וועט נאָך אַלעמען אַרויסטראָגען פון דאַנען... *אָפּ מיט כעס*

**ר׳ הענעך**

*לאָזט אַרויס אַ שווערען קרעכץ*

**גיטעלע**

כ׳פאַרשטעה גאָר נישט אויף וואָס מ׳וואַרט? אַ לאַנגע קרענק איז אַ געוויסער טויט !

**ר׳ הענעך**

פאַרפאַלען, דער הויף קען פריער נישט פאַרקויפט ווערען, ווי יעשען... מ׳וועט אַראָפּנעמען פון די פעלדער. אַ נישט — איז נישטאָ פּשוט צו וואָס צו פאַרקויפען. איז מיר קיין חלוק נישט, אויב כ׳פאַרקויף, צי כ׳געה אַזוי אַוועק מיט לעדיגע הענט...



**גיטעלע**

זאָל שוין מער נישט בלייבען פון אַלעמען, ווי דאָס וואָס ס׳פעלד וועט אַרויסגעבען ?..

**ר׳ הענעך**

כ׳האָב מורא, נישט מער...

**גיטעלע**

נו, שיקט-זשע איר אַרויס, וואָס וועט זי דאָ פאַרברענגען אין דעם גהינם?..

**ר׳ הענעך**

כ׳וואָלט איר געשיקט... יאָ, נאָר... דער קאָפּ קלערט עפּיס אַנדערש... ווייסט נישט—דער וואָרעם זיצט אין כריין, דולט זיך אים, ס׳איז קיין בעסערס נישטאָ...

**גיטעלע**

כ׳פאַרשטעה נישט...

**ר׳ הענעך**

אַ יונג מענש נאָך... און *גיט אַ וויש איבער די באָרד* גרויע האָר, די עלטער שפּראָצט אַרויס אויף איר... די עלטער אַרויסגעקומען... וואָס איז דאָ אַזוי שווער צו פאַרשטעהן?

**גיטעלע**

ס׳ליגט איר זיכער נישט אין די געדאַנקען...

**ר׳ הענעך**

יאָ, ס׳האַרץ איז אַ האַלבער נביא... כ׳טו מיר אפשר קיין גוטס נישט דערמיט, וואָס כ׳קלער איבער... יאָ... נאָר... דער שכל איז אַ שטאַרקער עקשן...

**קלאַראַ**

*שטעקט אַריין נ׳קאָפּ, נאַקעט*

נישט לאָזען כאַפּען אַ דרימ?.. ניין?.. זיך פאַרלעגט דוקא אין דער נאַכט... און ביז ס׳וועט טאָג ווערען, ביז... *נעמט אַריין נ׳קאָפּ*

**ג י ט ע ל ע**

פאַר׳ן פענסטער

יאָ, ס׳טאָגט... ס׳טאָגט שוין באַלד אין דרויסען...

**ר׳ ה ע נ ע ך**

נו, וועט מען זיך שוין מעגען אַריינלעגען אין בעט... אָפּ ביידע. מ׳הערט זיין קול פון דרויסען בידך אַפקיד רוחי... נשמתי...

שטיל. אין דער שטוב ווײַזט זיך עפּיס אַרויף. ס׳ווערט עפּיס ליכטיגער, אזוי ווי פון אַ שכנ׳ישען פלאַם

**א י ג נ אַ ש**

קומט אַרײַן אַנגעמאַטערט

אַ?.. דוכט זיך, צוגעברענט... ס׳שפּירט זיך צוגעברענט!.. אָ, אַ רגע כ׳האָב אָפּגעטרעטען... אויף אַ פּאָר מינוט, ביז כ׳האָב זי צום וועג אַרויסגעפירט!..

**ר׳ ה ע נ ע ך**

שטעקט אַרײַן נ׳קאָפּ

ס׳שפּירט זיך צוגעברענט !.. יצחק !.. געהט אַרײַן אין שטוב, ציטערט אינגאַנצען

**א י ג נ אַ ש**

כ׳קלער: זיך אָנגעצינדען עפּיס...

**ר׳ ה ע נ ע ך**

אַ שרפה... מ׳ברויך אויפוועקען...

**א י ג נ אַ ש**

וואַרט... מ׳וועט נאָך אפשר איינלעשען... פאַרשווינדט

**ר׳ ה ע נ ע ך**

פאַרצווייפעלט

כ׳פייער איז שוין ביים האָלדז... אין פענסטער אַרויס יצחק!.. יצחק!..

**ק ל אַ ר אַ**

קומט אַרײַן צעמישט, מורמעלט דראָבנע



פייער... פייער...

ס׳ווערט אַ באַוועגונג, אַ געלויף. ברוך, יאַנוש, שרה׳לע, גיטעלע. אין דרויסען הערען זעלער די פלאַמען, דער הימעל איז בלוט-רויט. אַ געפערליך מריקען פון בהמות, בילען פון הינט.

**א י ג נ אַ ש**

שרײַט הייזעריג פון דרויסען

ס׳פייער איז אין די שטאַלען !..

**ר׳ ה ע נ ע ך**

צעטומעלט

געהט אַרויס!.. געהט אַרויס!.. ס׳הויז איז אין סכנה!..

**ק ל אַ ר אַ**

נערוועז, האַלב משוגע, מורמעלט

פייער... ס׳פייער גלעט מיך... קושט מיך...

**ג י ט ע ל ע**

נעמט איר אַרויספירען

האָב רחמנות אויף דיינע יאָר!..

**פ אַ ר ה אַ נ ג**

# עפּילאָג

אַ ברייט טיף פעלד. פלאַכע, געלע זאַמדען, אַנ'איינציג מאָגער ביימעל
וואו נישט וואו. טונקלער בין השמשות. די זון לאָזט זיך ערגיץ־וואו
אַראָפּ. דאָס איז קענטיג אין דער רויטקייט אויף די אונטערשטע
געוועלבען פון די הימלען.

אויף אַ פריזבע שטיינער זיצען: ר' הענעך, מאַניע — אַריינבאַהאַלטען
ס'קעפעל אין זיין שויס — קלאַרא, ברוך, גיטעלע, איגנאַץ, יאַנוש,
שרה'לע.

**ברוך**
ס'פנים מער פאַרוואַקסען. האַלט אָפען אַ גמרא, דעם קאָפּ אַריינגעלעגט אין איר, און
לערנט שטיל, מיט גרויס התמדה

**ר' הענעך**
נאָך אַ ווײַלע
אויסגיסען אין די בלעטער ס'צער...

**ברוך**

ס׳ווערט לויטערער דער קאָפּ; און די יסורים גרינגער צו פאַר־טראָגען.

**ר׳ הענעך**

ס׳וואָלט נישט געוואָלט אַזוי זאָגן, דעם מאַרך פון די ביינער אויסנאָגען...

**מאַניע**

*הייבט זיך איבער, ציטעריג־שטיל*

טאַטעלו, ס׳איז קאַ־אַ־ל־ט!..

**ר׳ הענעך**

*נעמט איר אין קלאָגענדיג*

שלאָף, טעכטער׳ל, שלאָף!

**מאַניע**

*פּיעשטשעט זיך*

טאַטעלו, כ׳האָב מורא! די מכשפה האָט געוואָלט צוכאַפּען ס׳ווייסע קעצעלע!..

**ר׳ הענעך**

וואו האָסטו אַ מכשפה, קינדעלע?

**מאַניע**

טאַטעלו, קום אַהיים, ס׳איז קאַ־אַ־לט!

**ר׳ הענעך**

נישט ווייט שוין, טאָכטערלעב, שלאָף דיך נאָך איבער אַ קליין ביסעלע. און וועסט שוין זיין אין דער היים!

**מאַניע**

*די פריער*

ס׳איז קאַ־ל־ט!

**ר׳ הענעך**

*נעמט איר אין*



שלאָף, טעכטער׳ל, שלאָף;
וועסטו נישט פילען די שטראָף,
מאַך־צו דיינע אייגעלעך
און חלום נאָר פון פייגעלעך,
פון פייגעלעך, וואָס פליען, —
און האָבען נישט וואו אָפּצורוען!..

**גיטעלע** *פּויזע*

*נאָך אַ ווײַלע*

איינגעשלאָפען...

**קלאַראַ**

*צאַרטליך*

ס׳קינד איז דערקילט...

**גיטעלע**

*לעגט צו אַ האַנט צום קעפּעל*

ס׳קעפּעל ברענט...

**קלאַראַ**

רעט פון היץ. *פּויזע*

**שרה׳לע**

*הייבט זיך ציטעריג־שטיל, אריינבאַהאַלטען ס׳קעפּעל אין יאַנושעס שויס*

יאַנוש, אַ סך אָפּגעגאַנגען פון דער היים?..

**יאַנוש**

אָר אַ סך...

**שרה׳לע**

פאַרוואָס, יאַנוש, אַז כ׳פאַרמאַך די אויגען, — זעה איך דעם בית־עולם פון יענער שטאָט; דאָס איינע וואָס איז נאָך אונז דאָרט איבערגעבליבען?.. האָט מען נישט געקענט דעם בית־עולם מיטנעמען?..

**ר׳ הענעך**

פאַרבליבען אַ זכר לטיס; מ׳איז אַמאָל געווען דאָרט...

**שרה׳לע**

אַרויסגראָבען די ביינער און מיטגענומען, וואָס מיינסטו? האָבען די ביינער נאָך געברויכט דאָרטען בלייבען?..

**ברוך**

אַז ס׳וועט זיין תחית-המתים, וועלען די ביינער אַליין אויפשטעהן צו געהן קיין ארץ ישראל!..

**שרה׳לע**

יאַנוש, ס׳איז נאָך ווייט קיין ארץ ישראל?..

**יאַנוש**

גאָר ווייט...

**שרה׳לע**

און מיט דעם וועג קען מען אַהין אָנקומען?..

**יאַנוש**

אַלע וועגען פירען אַהין!..

**שרה׳לע**

גוט... און אַז כ׳וועל אָנקומען דאָרטען, און זיך אָוועקזעצען אויף דער שוועל פאַר׳ן טיר, און ס׳וועט אַ פרעמדער פאַרביי-געהן, און מיר אַריינלאַכען אין פנים: „דיין מאַמע איז פאַרפאַלען געוואָרען צווישען די וועגען?..״ וואָס וועל איך אים זאָגען?

**יאַנוש**

דיין מאַמע איז די שענסטע אויף שטעט געוועזן... אַ הויכע, אַ שלאַנקע, אַ פוילישע בת-מלכה... און די פויערים זענען פאַר איר כרעים געפאַלען!..

**שרה׳לע**

און פרעגען, יאַנוש: „מיידעל, וואו האָסטו דיין טאַטען באַשטאַ?״ וואָס וועל איך זיי זאָגען?



**יאַנוש**

דיין טאַטע איז אין פוילען אַ גרויסער פריץ געוועזן... אַ שלאַכטשיץ!.. און אַ סך וואַלד געהאַט, סטאַוועס פיש, שפייכלער תבואה... *פויזע*

**ברוך**

*מיד*

טאַטע, ס׳ווערט פינסטער!..

**ר׳ העניך**

אויף מזרח איז נאָך טאָג...

**ברוך**

און אויף מערב איז שוין נאַכט... טאַטע!

**ר׳ העניך**

אונזער וועג ציט אויף מזרח!.. *פויזע*

**איגנאַש**

די שאַרפע ווינטען, טאַטע, שיילען אָפּ ס׳פנים!..

**גיטעלע**

מ׳ברויך גוט איינהילען ס׳קינד...

**איגנאַש**

סמנים פון אַ שטורם אויפ׳ן הימעל!

**ברוך**

וואָלקענעס טראָגען זיך שווערע, גאַנצע בערג... *ס׳הערט טונקעל*

**ר׳ העניך**

*זינגט אָן אַ ליכט*

כ׳וועל זאָגען אַ פסיק תהלים... *זאָגט מיט אַ טרויעריגען ניגון*

למנצח, מזמור לדוד,
יענך ה׳ ביום צרה,

יסגבן בשם אליה יעקב !..

*אַ שטאַרקער הינט. ס׳הערט פינסטער, אין טיפען אונטערגרונט שוימט אַרויס עפיס אַנ׳ענליכע געשטאַלט צום אַלטען גבריאל, געפירט פון אַ קליין יונגעלע, אַזוי הי אַלעק*

**די שטים**
פון אַלעק׳ן

זיידעלו, ס׳איז נאָך ווייט?..

**די שטים**
פון גבריאל׳ן

זעהר ווייט, נאָך אַ סך מדבריות אַדורכצוגעהן...

**די שטים**
פון אַלעק׳ן

מ׳זיצט דאָ, ויידע, אָבער כ׳זעה נישט וואר! דער ווינט האָט פאַרוויעהט.

**די שטים**
פון גבריאל׳ן

און איך בין נאָך אַלץ בלינד... וואָלט איך זייער קול געהערט!

**ר׳ הענעך**
כליפּעט

טאַטע, דיינע קינדער... דו ביסט אַוועק. און מיר זע׳ מיר נעונד...

**די שטים**
פון גבריאל׳ן

איך געה אינאיינעם מיט אייך; ס׳איז מיר שווער געווען מער איינצוליגען אונטער׳ן שטיין, און כ׳בין מיטגעגאַנגען.

**ר׳ הענעך**

נאָך אַזוי פיל מדבריות, טאַטע... כ׳ווייס נישט: וואו מ׳נעמט די כוחות, טאַטע!



**די שטים**
פון גבריאל׳ן

איין רגע איר פאַרטראַכט זיך נעמט איר מער כח-צו, ווייפיל איר ווערט אָפּ פאַר׳ן גאַנצען טאָג געהן...

**ר׳ הענעך**

און שפייז? וואָס מ׳האָט זיך מיטגענומען און אָנגעגרייט, — לאָזט זיך באַלד אויס... קליינע עופה׳לעך מיט... און קיין מן פון הימעל פאַלט אויך נישט.

**די שטים**
פון גבריאל׳ן

פון טרוקענע בוימער, וואָס האָבען שוין צוויי טויזענט יאָר נישט נושא-פירות געווען,—וועט איר די שענסטע פירות אַראָפּקלויבען. פון זאַמדען—תבואות אַראָפּנעמען; און פון שטיין וואַסער טרינקען...

**ר׳ הענעך**

און די חיות, טאַטע? מיט וואָס טרייבט מען אָפּ פון זיך די חיות רעות?

**די שטים**
פון גבריאל׳ן

מיט די אויגען. איר וועט געהן גלייך, נישט בלאָנדזשען,—וועלען זיי אייך קוקען אויפ׳ן פנים, אַריינקוקען אין די אויגען, און דערהערען אייער קול—וועלען זיי אָפּטרעטען.

**ר׳ הענעך**

און ווי לאַנג, טאַטע, האָט מען נאָך אַזוי צו-געהן, ביז מ׳וועט אָנקומען אויפ׳ן אָרט?

**די שטים**
פון גבריאל׳ן

ס׳אָרט איז נאָך ווייט, זעהר ווייט... און אויב איר וועט אויסשטאַרבען אין דער מדבר, וועלען אייערע קינדער אַהין אָנקו-

מצן!.. געהט, אַז איר וועט אַרויסקומען אויף די בערג, וואָס ביי ימים — וועט איר שוין אַרויסזעהן די שפּיצען פון די וועלדער און ביימער...

א ווינט געהט פאַרביי מיט אַ געפייפעריי, און ס'ווערט שטיל, אין הינטערגרונט איז פוסט מער נישט צו זעהן קיינעם. הוילע זאַמדען

ב ר ו ך

כאַפּט זיך דער ערשטער, וואָס נעמט לערנען מיט אַ מיד קול און מיט גרויס התמדה

מ אַ נ י ע

הערקט זיך פון שלאָף

טאַטעלו, טאַטעלו, כ'האָב געזעהן, ווי די מכשפה האָט צוגעכאַפּט ס'ווייסע קעצעלע...

ר' ה ע נ ע ך

מיד

שלאָף, טעכטערל, שלאָף...

מ אַ נ י ע

די מכשפה, וואָס איז אין וואַלד, מיט איין אויג, און געדרייטע הערנער... האָט מיך אויך געוואָלט אויפכאַפּען...

ר' ה ע נ ע ך

האָב נישט קיין מורא, יצחק וועט איר נישט לאָזען אַרויסקומען מער...

ג י ט ע ל ע

אַ קראַנק קינד, מיט...

ק ל אַ ר אַ

זי שטעהט שוין אָפּ...

א י ג נ אַ ש

מ'זאָל נישט אַלע אָפּשטעהן...

ב ר ו ך

לערנט העכער, מער הארצרייסענד־גער



מ אַ נ י ע

געהט־צו.

טאַטעלו, קום אַהיים!..

ר' ה ע נ ע ך

שלאָף דיך נאָך איבער אַ קליין ביס'ע די נאַכט כאָטש אי־בערקומען... ביז ס'וועט טאָג ווערן...

מ אַ נ י ע

פאַרדעק מיך, טאַטעלו, כ'האָב מורא...

ר' ה ע נ ע ך

דעקט איר איין מיט א טוך

שלאָף, טעכטער'ל, שלאָף,
און וועסט נישט פילען די שטראָף;
מאַך צו דיינע אייגעלעך,
און חלום נאָך פון פייגעלעך,
פון פייגעלעך וואָס פליען,—
און האָבען זיך נישט וואו אָפּצורוהען...

מ אַ נ י ע

פּיעשטשעט זיך

ניין, טאַטעלו, פון ווי—סע-ען קעצעלע... ס פאַלען גרויסע רעגען־טראָפּען־

פאַרהאַנג.

אויפגעפירט צום ערשטען מאָל דעם 28-סטען פעברואַר יאָר 1914 אין טעאַטער „בקאַלאַ“ לאָדז.

דירעקציע: יוליוס אַדלער—ה׳ שעראַצקי.

| | | |
|---|---|---|
| גבריאל | — | יוליוס אַדלער. |
| שרה׳לע | — | פרייל. קאָניעווסקאַ. |
| ר׳ העניך | — | ליפמאַן. |
| קלאַראַ | — | פרוי בלייכמאַן. |
| ברוך | — | בלייכמאַן |
| איגנאַש | — | שעראַצקי. |
| יאַניש | — | זאַנגער. |
| מאַניע | — | פרייל. גלעוויצקאַ. |
| אַלעק | — | קעניג. |
| גיטעלע | — | פרוי שושנה. |
| בראָנקע | — | פרוי אַדלער. |
| פאַכטער | — | טיטעלמאַן. |
| פאַכטערקע | — | פרוי ליפמאַן. |

רעזשי: יוליוס אַדלער.

פאַר דער לעצטער צייט איינגאַנצן אויפסנייע

באַארבייט דורכ׳ן מחבר





וואַרשע טוואַרדע 4 וו. 2


## ערשינענע ביכער:

„פלאַמען“ אַ באַנד געדיכטען פון ש. י. לאַנדינסקי. קינסט-לערישע הילע געצייכענט פון ה. בערלעווי. פאַר די דריי חדשים זינט דאָס בוך איז ערשינען, איז וועגען דעם שוין אַ סך געשריבען געוואָרען. מיר ברענגען בלויז איינצעלנע ציטאַ-טען פון די פאַרשידענע רעצענזיעס.

„פון ש. י. לאַנדינסקים לידער בלאָזט עפּיס אַ שטילער חעהמוט, אַ חשבון איי-בערן לעבען. דאָס לעבען איז ביי איהם אַ שטענדיגער יום־הדין. דער דאָזיגער טאָן לאָזט זיך אויך מערקען אין דער פראַכטפולער פאָעמע: „איך און מיין שאָטען“, וועלכע בליצט מיט אָריגינעלע געדאַנקען. אַ פשעהנע באמת ביבלישע סטרונע לאָזט זיך אויך פיהלען פון די לידער: „פון שמואל הנביאס געזאַנגען“, וואָס זענען גאַנץ אייגענאַרטיג געשריבען. בכלל האָט לאַנדינסקי מיט דעם דאָזיגען בוך גע-מאַכט דעם ערשטען געלונגענעם טריט אין גאָרטען פון דער יודישער פאָעזיע.

(לאָדזער טאַגעבלאַט נומר 120. 1920).

„ס'זענען אין דעם בוך פֿאַרהאַנען אַ סך לידער, וואָס זענען רייך לויט זייער אינהאַלט. ס'פֿיהלט זיך אינדיווידועלע איבערלעבונג און אַ דרייסטער זיכערער טאָן״

(מאָמענט נומער 95 1920)

„דאָס ביכעל איז אינגאַנצען געווען אַ זעהר געלונגענער אַריינטריט אין דער יונגסטער יודישער פּאָעזיע. מיט דעם ביכעל האָט לאַנדינסקי באַוויזען, דאָס ער האָט עפּיס פֿאַר אונז צו זאָגען און דאָס אין זיין אַרבייט ליגט אומבאַדינגט אַ צוקונפֿט פֿון נישט קיין מיטעלמעסיגען דיכטער״.

(זאַגלעמביער צייטונג נומער 19 1920)

„דער וויכטיגסטער שטריך פֿון לאַנדינסקיס פּאָעזיע איז דאָס אומקערן זיך צו דער נאַטור. די ליבע צו דער נאַטור פֿאַרלאָזט אים נישט אויף קיין אויגענבליק די „וואַלדגעזאַנגען״ זענען אַן אויסדרוק פֿון אַ אידעלע, נישט פֿאַרווינטע געפֿיהלען. אין זיי האָט לאַנדינסקי געפֿונען אַן אויסדרוק פֿאַר זיין כמעט פֿרויליכע צאַרטקייט און געפֿיהלפֿולקייט. אַן אומבאַגרעניצטעס אַרויספֿיהלען די וואַלדשטילקייט באַלייט מיט מעלאַדישקייט.

צו שטאַרק צו קענען געהן מיט די אַלטע, פֿול מיט גוטען ווילען, פּשוט אין גייסט און גלייכצייטיג סענטימענטאַל – שטעהט לאַנדינסקי אויפֿן גרעניץ פֿון צוויי ליטעראַרישע עפּאָכען.

(Nasz Kurjer 18/IV 1920)

## „קינדערלידער און קינדערגעדיכטען״ פֿון ש. י. לאַנדינסקי מיט אַ פֿאָרוואָרט פֿון יעקב דינעזאָהן.

ערשטע אויפֿלאַגע—1918 דריטע אויפֿלאַגע (פֿערטע טויזענט) 1920. דאָס שאַרעבלאַט געצייכענט פֿון י. זיידענבייטעל.

די דאָזיגע לידער, וואָס דער דיכטער ש. י. לאַנדינסקי האָט געשריבען פֿאַר דער ערשטער יודישער קינדערהיים אין וואַרשע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אונטער דער פּערזענליכער מיטווירקונג פֿון י. ל. פּרץ, און זענען דעם לעצטען געווידמעט, ווערען געזונגען כמעט אין אַלע קינדערהיימען פֿון פּוילען און ליטע, דאָס ביכעל איז זעהר וואַרים באַגריסט געוואָרען פֿון דער זשורנאַליסטיק און דער לעהרערשאַפֿט און האָט זעהר גרויס ערפֿאָלג. דעם גרעסטען טייל פֿון די רעצענזיעס האָבען מיר יעצט נישט אין אונזער רשות.

## „רעקרוטען״ צווייטע אויפֿלאַגע, הילע געצייכענט פֿון ה. בערלעווי. די ערשטע אויפֿלאַגע האָט געהאַט אין פּוילען גרויס ערפֿאָלג.

„מיט אַ קלאָרער פּשוטער שפּראַך, אָהן וועלכער עס איז בעזונדערער קינסטליכקייט, פֿיהרט ער פֿאַרביי אונזערע אויגען, די רעגענדיגע־הערבסט־„ימים־נוראים״ מיטן אָנהייב ווינטער, ווען ס'שלעפּען זיך אין איינעם מיטן טרויעריגן וועטער דורך איבער די יודישע בלאָטיגע געסלעך אונזערע עלענדע פּריזיווניקעס מיט זייערע קלימעקלעך אויפֿ'ן פּלייצע ערגיץ ווייט־ווייט—ווייס גאָט, אויב זיי וועלען ווען קומען אַמאָל ווידער... איהר דערזעהט פֿאַר זיך פֿאַרשווינען: בערל שייגעץ, דער לאַנגער שמואל, דער קליינער ברוכל, זייער הפֿקרות, זייער קאַטאָוועס־טרייבעניש, זייער צולאָזענקייט און זייערע שטיפֿערייען...

(לאָדזשער פֿאָלקסבלאַט נומער 374 1917)

געזונטער רעאַליזם. עס פֿיהלט זיך טאַלאַנט אויף שריט און טריט. אַ שעהנע לעבעדיגע פֿאָלקסשפּראַך. דאָס בוך פֿאַרדינט אויפֿמערקזאַמקייט.״

(הלל צייטלינס בלעטלעך נומער 2)

צו אַלעם ערשטען איז גאַנץ ניי ביי אונז די דאָזיגע אונבעריהרטע טעמע. געשריבען איז עס איבער דעם לעבען פֿון די פּריזיוניקעס. נאָר מיינט נישט, אַז עס איז דאָס, וואָס שלום עליכם האָט אונז געגעבען „דער פּריזיוו״, וועלכער איז אויסען צו ווייזען די לעכערליכקייט פֿון יודישער מעטריקע־אָרדנונג, ווי מען מאָהנט אַ געשטאָרבענעם זוהן און מען רייסט קישקעס פֿאַר געלעכטער איבער די אַלע שפּיצלעך, דריידלעך, וואָס דער יוד האָט אַדורכצוגעהן. עס איז אויך נישט די פּריזיוניקעס פֿון מענדעלע מוכר ספֿרימס און יחזקל קאָטיק'ס העלדען אין דער צייט פֿון „כאַפּער״. ניין, דאָס איז אַן אַנדערער פּריזיוו, מיט וועלכען מיר האָבען זיך שוין איינגעלעבט עטליכע דורות לאַנג, נאָר וועלכער האָט נישט געהאַט נאָך זיין פֿאַרשטעהער אין דער קונסט און איז נאָך אין דער קונסט נישט געוואָרן אַריינגעטראָגען. און אָט אין דער הינזיכט איז בימקאָס בוך „רעקרוטען״ ניי ווייל די דאָזיגע פּריזיוניקעס, שוין כּמעט עטליכע דורות לאַנג, האָט נאָך קיינער נישט אָנגעריהרט און נישט געוויזען אין דער אמתער בעלויכטונג, און ה' פ. בימקאָ נישט נאָר וואָס ער באַלייכט זיי פֿון פּריזיוו־שטאַנדפּונקט, נאָר גיט זיי אַ בולטע רעאַליסטיש־געשילדערטע סביבה און העלדען פֿול מיט כאַראַקטער.

(יודישע זאַמעלביכער נומער 4 „ווייסענבערג פֿערלאַג 1918)

## „אונטער די פֿליגעל פֿון טויט״ פֿון אַ. זאַק. מיט 11 קינסטלערישע אילוסטראַציעס פֿון עקספּרעסיאָניסטישען מאַלער יעקב אַדלער.

דאָס איינציגע בוך אין דער יודישער ליטעראַטור, וואו די שלאַכטפעלדער, די שלאַכטען און די יודישע שרעקען אין פוילען און אין גאַליציען ווערען געשילדערט אין לעבעדיגע בילדער פון אַ שריפטשטעלער, וואָס האָט זיי אַליין מיטגעמאַכט.

**„אַ שלעכטע פרוי און אַנדערע" אַ באַנד ערצעהלונגען פון י. מ. וויסענבערג.**

די דאָזיגע ערצעהלונגען זענען זעהר גוט אויפגענומען געוואָרען פון דער יודישער קריטיק. אַבהאַנדלונגען וועגען זיי האָבען פאַרעפענטליכט די קריטיקער: בעל-מחשבות, ניגער או. אַנד.

**„פון רויטען לעבען" פון יואל מאַסטבוים.**

אַ ראָמאַן, וואָס שילדערט דאָס לעבען און די טעראָריסטישע אַקטען פון דער יודישע פ. פ. ס. אין 1905–6.

**„אין לאַנד פון דער ווייסעל" אַ פאָעמע פון י. פערלע.**

אין דער פאָעמע ווערט געשילדערט אין פאָעטישע בילדער ווי אַזוי אַ פוילישע פריצישע טאָכטער פאַרפיהרט אַ יודיש מיידעל צום שמד און בכלל דאָס יודיש-פוילישע לעבען.

**„מעלאָדיען צו ש. י. לאַנדינסקיס קינדערלידער. הילע געצייכענט פון י. זיידענבייטעל.**

**„פאַרנאַכטענגאָלד" אַ באַנד געדיכטען פון יונגען, אָריגינעלען גאַליציאַנער עקספרעסיאָניסטישען דיכטער אורי צבי גרינבערג, הילע געצייכענט פון ה. בערלעווי.**

**„מיינע מעת-לעת'ן" אַ באַנד געדיכטען פון ישראל שטערן.**

פאַר דער קורצער צייט, וואָס דער יונגער, אָריגינעלער דיכטער ישראל שטערן האָט זיך באַוויזען אין אונזער ליטעראַטור האָט ער זיך מיט זיינע לידער קונה שם געווען אַלס איינער פון די אָריגינעלסטע.

**„אין בבל" דראַמאַטישע פאָעמע פון ד"ר י. ב. ציפור.**

דער מחבר פון דער „שכינה אין גלות", וואָס האָט זיך קונא שם געווען מיט זיינע אויסערגעוועהנליכע דראַמאַטישע פעהיגקייטען צו פאַרקערפערען אין סצעניטע בילדער אַלטע יודישע לעגענדען, שילדערט אין דעם דאָזיגען ווערק אין מייסטערהאַפטע, קינסטלערישע שטריכען די עפּאָכע פון גלות-בבל און דעם דעמאָלדיגען קאַמף פון יודישען פאלק פאַר זיין באַפרייאונג. דאָס גאַנצע ווערק איז דורכגעפלאָכטען מיט אויסערגעוועהנליך שטאַרקע פּאָעטישע שטימונגען פון יענער צייט.

